מיר האָבן שוין געלערנט וועגן ייִדן אין זייער אייגן לאַנד. מיר האָבן געלערנט ווי אַזוי יהושע האָט אַרײַנגעפֿירט די ייִדן אין כּנען. מיר האָבן געלייענט די שיינע מעשׂות וועגן דבֿורהן, גדעונען און שמשונען. מיר האָבן געלערנט וועגן שמואל הנבֿיא און ווי אַזוי ער האָט געהאָלפֿן דעם פֿאָלק אויסקלײַבן דעם ערשטן מלך, שאולן. מיר האָבן אויך געזען ווי די ייִדישע מלוכה איז געוואָרן גרויס און שטאַרק אונטער דודן און שלמהן, און ווי זי איז צעטיילט געוואָרן נאָך שלמהס טויט.

מיר האָבן אויך געלערנט וועגן די נבֿיאים און ווי זיי האָבן גערעדט צום פֿאָלק צו זײַן גוט און גערעכט. מיר האָבן געלערנט וועגן עמוסן, דעם נבֿיא פֿון יושר, וועגן ישעיהן, דעם נבֿיא פֿון שלום, און ירמיהן, דעם נבֿיא פֿון טרויער.

מיר געדענקען ווי אַשור האָט צעשטערט מלכות ישׂראל און ווי אַזוי בבֿל האָט צעשטערט מלכות יהודה.

מיר האָבן געהערט די טרייסט־ווערטער פֿון דעם נבֿיא
פֿון גלות בבֿל, מיר האָבן אויך געלערנט וועגן די קלוגע
געזעצן פֿון עזרא און נחמיה, מיר האָבן געלערנט ווי
ייִדן זײַנען ווידער צוריקגעקומען אין זייער אייגן לאַנד.
איצט וועלן מיר לערנען וואָס עס איז ווײַטער געשען.

# קאַפּיטל 1

# ייִדן און גריכן

## די פּערסישע הערשאַפֿט

ייִדן זײַנען צוריקגעקומען אין זייער אייגן לאַנד, און זיי האָבן אויפֿגעבויט אַ נײַעם בית־המקדש. פּערסיע איז אין יענער צײַט געווען די גרויסע מאַכט אין דער וועלט. דאָס ייִדישע לאַנד איז געווען אַ טייל פֿון דער פּערסישער אימפּעריע. פּערסיע איז געווען גוט צו ייִדן. די קיניגן פֿון פּערסיע האָבן געלאָזט ייִדן לעבן ווי זיי ווילן. זיי האָבן געלאָזט ייִדן לעבן לויט דעם ייִדישן גלויבן. דער כהן־גדול האָט געפֿירט דאָס לאַנד. די ייִדן האָבן געדאַרפֿט צאָלן שטײַערן דעם קיניג פֿון פּערסיע, אָבער די שטײַערן זײַנען ניט געווען צו גרויס. ייִדן האָבן געלעבט רואיק און אין שלום צוויי הונדערט יאָר.

ניט אַלע ייִדן זײַנען צוריקגעקומען אין יהודה. ייִדן האָבן געלעבט אין פֿאַרשיידענע לענדער. אַ טייל ייִדן האָבן געלעבט אין מצרים. אַנדערע ייִדן האָבן געלעבט

אין בּבל. דער הויפּט־צענטער פֿון ייִדישן לעבן איז אָבער געווען ארץ־ישׂראל. אין ירושלים איז געווען דער בּית־המקדש. אַהין פֿלעגן ייִדן קומען פֿון אומעטום דינען גאָט. דאָרטן זײַנען אויך געווען די סופֿרים וואָס האָבן געלערנט דאָס פֿאָלק די אַלטע ייִדישע געזעצן. זיי האָבן אויך צוזאַמענגענומען אַלטע ייִדישע בּיכער און צוזאַמענגעשטעלט דעם תּנך.

דער כּהן־גדול האָט געפֿירט דאָס לאַנד. ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן אַליין. ער האָט געהאַט אַ ראָט פֿון עלטסטע און פֿון סופֿרים וואָס האָבן אים געגעבן עצות און געהאָלפֿן פֿירן דאָס לאַנד. ווען מע האָט גע־דאַרפֿט בּאַשטימען אַ גאָר וויכטיקע זאַך, האָט מען גערופֿן אַ גרויסע פֿאַרזאַמלונג. צו דער פֿאַרזאַמלונג זײַנען גע־קומען מענטשן פֿון אַלע טיילן פֿון לאַנד. די גרויסע פֿאַרזאַמלונג האָט מען גערופֿן כּנסת הגדולה. זי האָט בּאַשטימט וואָס מע זאָל טאָן.

אַזוי האָבן ייִדן געלעבט אין שלום אין זייער אייגן לאַנד. ייִדן האָבן אויך רואיק געלעבט אין פּערסיע. נאָר מע דערציילט אַז איינמאָל זײַנען ייִדן אין פּערסיע געווען אין אַ סכּנה. דאָס איז די מעשׂה פֿון מגילת אסתּר. איר

קענט די מעשׂה — דאָס איז די געשיכטע ווי מרדכי און אסתּר האָבן געראַטעוועט ייִדן פֿון דעם בייזן המן. מיר האָבן אַ דאַנק דעם יום־טובֿ פּורים.

| | |
|---|---|
| הערשאַפֿט | rule |
| מאַכט | power |
| אימפּעריע | empire |
| צוזאַמענגענומען | collected |
| צוזאַמענגעשטעלט | compiled |
| פֿאַרזאַמלונג | assembly |
| באַשטימען | decide |
| סכּנה | danger |

## אַלכּסנדר מוקדון נעמט איַין די וועלט

פּערסיע איז געווען אַ גרויסע און שטאַרקע מלוכה. אָבער אַזוי ווי אַשור און ווי בבֿל איז זי מיט דער צײַט געוואָרן שוואַכער.

דערווײַל איז אין אייראָפּע אויפֿגעקומען אַ נײַ פֿאָלק — די גריכן. די גריכן זײַנען געווען אַ קלוג פֿאָלק. זיי האָבן געהאַט אַ סך גרויסע דענקערס. זיי האָבן געבויט גרויסע טעמפּלען און געמאַכט שיינע סטאַטועס. זיי האָבן געהאַט גרויסע פּאָעטן און געלערנט וויסנשאַפֿטן. זיי האָבן ניט געגלייבט אין איין גאָט נאָר אין אַ סך געטער.

די גריכן זײַנען געווען צעטיילט אין קליינע מלוכות. פּערסיע איז אָנגעפֿאַלן אויף זיי און די גריכן האָבן זיך

קוים געראַטעוועט. דערנאָך איז אין אַ טייל פֿון גריכנ־
לאַנד אויפֿגעשטאַנען אַ שטאַרקער מלך. דער מלך האָט גע־
הייסן אַלכּסנדר, און אַזוי ווי ער איז געקומען פֿון מאַקע־
דאָניע (מוקדון), האָט מען אים גערופֿן אַלכּסנדר מוקדון.



אַלכּסנדר מוקדון

אַלכּסנדר האָט פֿאַראייניקט גריכנלאַנד. ער האָט געהאַט
אַ שטאַרקע אַרמיי און אין אַ קורצער צײַט האָט ער צע־
שלאָגן די פּערסיער. ער האָט אײַנגענומען אַלע לענדער
וואָס זײַנען געווען אַ טייל פֿון פּערסיע. צווישן די לענדער
איז אויך געווען יהודה.

ווען אַלכּסנדר איז מיט זײַן אַרמיי געקומען נאָענט
צו ירושלים, האָבן ייִדן ניט געוואָלט זיך שטעלן קעגן אים.

דער כהן־גדול האָט זיך אָנגעטאָן אין די שענסטע קליי־
דער און געגאַנגען באַגעגענען אַלכּסנדרן. ווען אַלכּסנדר
האָט דערזען דעם כהן־גדול האָט ער זיך פֿאַר אים
געבוקט.

ווען איינער פֿון זײַנע מענטשן האָט אים געפֿרעגט
פֿאַרוואָס ער טוט עס, האָט ער געענטפֿערט: „ווען איך
בין געווען גאָר יונג, האָב איך געזען אַ חלום. אין חלום
האָב איך געזען אַ מאַן פּונקט ווי דער כהן־גדול. ער האָט
מיר געזאָגט אַז איך וועל אַמאָל זײַן דער קיניג פֿון אַ
גרויסער אימפּעריע. און אַזוי איז טאַקע געשען. דערפֿאַר
ווען איך האָב דערזען דעם כהן־גדול, האָב איך זיך פֿאַר
אים געבוקט.“

יהודה איז געוואָרן אַ טייל פֿון אַלכּסנדרס אימפּע־
ריע. אַנשטאָט צו צאָלן שטײַערן דעם קיניג פֿון פּערסיע,
האָבן ייִדן געצאָלט שטײַערן אַלכּסנדרן. דער כהן־גדול
האָט ווײַטער געפֿירט דאָס לאַנד. ייִדן האָבן ווידער גע־
לעבט רואיק.

| | |
|---|---|
| דענקערס | philosophers, thinkers |
| סטאַטועס | statues |
| וויסנשאַפֿט | science |
| באַגעגענען | to meet |
| געבוקט | bowed |

## נאָך אַלכּסנדרס טויט

אַלכּסנדר איז געשטאָרבן ווען ער איז נאָך געווען יונג. ער האָט ניט איבערגעלאָזט קיין זון וואָס זאָל ווערן קיניג נאָך אים. נאָך זײַן טויט האָבן זײַנע גענעראַלן זיך געקריגט ווער עס זאָל ווערן קיניג. נאָך אַ סך מלחמות האָט מען זיך צעטיילט מיט דער אימ־פּעריע. איין גענעראַל, פּטאָלאָמיי, איז געוואָרן קיניג פֿון מצרים, און אַ צווייטער איז געוואָרן דער קיניג פֿון סיריע.

איבער הונדערט יאָר איז יהודה געווען אַ טייל פֿון דער מצרישער מלוכה. ייִדן האָבן געשיקט זייערע שטײַערן צו דעם מצרישן קיניג. דער מצרישער קיניג איז געווען גוט צו ייִדן. דער כּהן־גדול האָט ווײַטער געפֿירט דאָס לאַנד.

דאָס לעבן אין יהודה האָט זיך אַ ביסל געביטן. ווען די גריכן זײַנען געקומען אין אַ לאַנד, האָבן זיי מיט־געבראַכט זייער שפּראַך, זייער רעליגיע און זייערע מנהגים. אין די אַלע לענדער וואו זיי זײַנען געווען האָבן זיי געבויט טעמפּלען פֿאַר זייערע געטער און אַרענעס פֿאַר ספּאָרט. מיט דער צײַט זײַנען די פֿעלקער פֿון די אַלע

לענדער געוואָרן אַזוי ווי גריכן. בײַ ייִדן איז עס געווען א ביסל אַנדערש. יהודה איז געווען אַ קליין לאַנד און ווייניק גריכן האָבן דאָרט געוואוינט. די גרעסטע צאָל ייִדן זײַנען געווען אָרעם און זיך געהאַלטן בײַ די אַלטע ייִדישע מנהגים.

אָבער עס זיינען געווען רײַכע ייִדן וואָס האָבן זיך אָפּגעלערנט פֿון די גריכן. זיי האָבן געגעבן זייערע קינדער גריכישע נעמען, זיי האָבן געטראָגן גריכישע קליידער און גערעדט גריכיש. אויך וויכטיקע כּהנים האָבן געלעבט ווי די גריכן. מע האָט אַפֿילו גענומען דינען גריכישע געטער. די מענטשן האָט מען גערופֿן העלעניסטן. אָבער אַ סך ייִדן האָבן ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן לעבן ווי די גריכן. זיי האָבן געוואָלט לעבן ווי ייִדן און אָפּהיטן די ייִדישע רעליגיע און מנהגים. זיי זײַנען געווען קעגן די העלעניסטן. מע האָט זיי גערופֿן חסידים, דאָס מיינט די פֿרומע, ווײַל זיי האָבן געוואָלט זיך האַלטן בײַ דער תּורה. אַזוי האָבן אין יהודה זיך געשאַפֿן צוויי גרופּעס: די העלעניסטן און די חסידים.

| | |
|---|---|
| מנהג, מנהגים | custom, customs |
| דינען | serve, worship |

## די איבערזעצונג פֿון די זיבעציק

אין דער צײַט ווען יהודה איז געווען אַ טייל פֿון מצרים, זײַנען אַ סך ייִדן געקומען אין מצרים. פּטאָ־לאָמיי, דער קיניג פֿון מצרים, האָט אויסגעבויט אַ נײַע שטאָט און זי געמאַכט פֿאַר זײַן הויפּטשטאָט. ער האָט אַ נאָמען געגעבן דער שטאָט אַלעקסאַנדריע, נאָך דעם קיניג אַלכּסנדר. די נײַע שטאָט איז געווען בײַם ברעג ים, און אַ סך שיפֿן פֿלעגן קומען אַהין. אַלעקסאַנדריע איז געוואָרן אַ גרויסע האַנדלשטאָט. ייִדן אין יהודה האָבן געהאַנדלט מיט אַלעקסאַנדריע. זײַנען ייִדן פֿון יהודה געפֿאָרן אַהין.

אין אַלעקסאַנדריע האָבן זיך ייִדן אויסגעלערנט גריכיש. מיט דער צײַט האָבן זייערע קינדער פֿאַרגעסן די ייִדישע שפּראַכן, העברעאיש און אַראַמיש. עס איז געווען אַ געפֿאַר אַז ייִדן זאָלן מער ניט קענען לערנען דעם תּנך.

דער קיניג פֿון מצרים האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פֿון לערנען. ער האָט אין אַלעקסאַנדריע אויסגעבויט אַ גרויסע ביבליאָטעק. ער האָט געוואָלט אַהין אַרײַננעמען אַלע וויכטיקע ביכער פֿון דער וועלט. ער האָט געהערט

אַז ייִדן האָבן זייער אַ גרויס און וויכטיק בוך, דעם תּנך. האָט ער באַשלאָסן אַז מע זאָל איבערזעצן דעם תּנך אויף גריכיש און אַרײַננעמען אין זײַן נײַער ביבליאָטעק.

די ייִדן איז דאָס זייער געפֿעלן געוואָרן. זיי זײַנען געווען זייער צופֿרידן ווען דער קיניג האָט געשיקט אַ בריוו צום כּהן־גדול און אים געבעטן: שיק מיר גרויסע געלערנטע איבערצוזעצן דעם תּנך אויף גריכיש.

עס איז פֿאַראַן אַ שיינע מעשׂה וועגן דער איבער־זעצונג. ווען דער כּהן־גדול האָט באַקומען דעם בריוו פֿון קיניג פֿון מצרים, האָט ער אויסגעקליבן זיבעציק גרויסע געלערנטע וואָס האָבן גוט געקענט העברעאיש און גריכיש און זיי געשיקט קיין אַלעקסאַנדריע. ווען די געלערנטע זײַנען געקומען אין אַלעקסאַנדריע, האָט דער קיניג זיי אַוועקגעזעצט אין באַזונדערע צימערן און זיי געהייסן איבערזעצן דעם תּנך. איינער האָט ניט געקענט זען דעם צווייטן. יעדערער האָט געמאַכט אַן אייגענע איבערזעצונג. ווען אַלע האָבן געענדיקט, האָט מען גענו־מען אַלע איבערזעצונגען און זיי פֿאַרגליכן. אַלע זײַנען געווען אַקוראַט די זעלבע. עס איז ניט געווען קיין איין וואָרט וואָס איז געווען אַנדערש.

די איבערזעצונג פֿון תּנך אויף גריכיש איז געווען זייער וויכטיק. ניט־ייִדן האָבן איצט געקענט לייענען דאָס גרויסע בוך. זיי האָבן איצט געקענט זיך לערנען די גוטע געזעצן פֿון דער תּורה. פֿאַר די ייִדן פֿון מצרים איז עס אויך געווען גוט. אַלע ייִדן האָבן איצט געקענט לערנען דעם תּנך, אַפֿילו די וואָס האָבן קיין העברעאיש ניט גע־קענט. ווײַל די איבערזעצונג האָבן געמאַכט זיבעציק געלערנטע, האָט מען זי גערופֿן די איבערזעצונג פֿון די זיבעציק.

| | |
|---|---|
| איבערזעצן | translate |
| איבערזעצונג | translation |
| ביבליאָטעק | library |
| פֿאַרגליכן | compared |

## יהודה ווערט אַ טייל פֿון סיריע

דער קיניג פֿון מצרים און דער קיניג פֿון סיריע האָבן צווישן זיך ניט געלעבט בשלום. ביידע האָבן געוואָלט גרעסער מאַכן זייערע מלוכות.

דער קיניג פֿון סיריע האָט געוואָלט צונעמען יהודה פֿון מצרים. מיר האָבן שוין דערציילט אַז די ערשטע קיניגן פֿון מצרים זײַנען געווען גוט צו ייִדן און זיך וייניק געמישט אין דער רעגירונג פֿון יהודה. עס איז

אָבער געקומען אַ נײַער קיניג אין מצרים, פּטאָלאָמיי דער פערטער. ער האָט גענומען זיך מישן אין דעם לעבן פון יהודה. ער האָט גענומען מער שטײַערן. ייִדן האָבן אים ניט ליב געהאַט. וועגן אים איז דאָ אַזאַ מעשׂה:

ער איז אַמאָל געקומען אין ירושלים זען ווי ייִדן לעבן דאָרט. ער האָט געוואָלט זען דעם בית־המקדש. מע האָט אים געוויזן אַלע צימערן פון בית־המקדש, נאָר איין צימער האָט מען אים ניט געוואָלט ווײַזן. דאָס איז דער הייליקסטער צימער, קדשי־קדשים. נאָר דער כהן־גדול האָט דאָרט געקענט אַרײַנגיין, און נאָר איין טאָג אין יאָר — יום־כיפור. די כהנים האָבן געזאָגט דעם קיניג אַז קיינער קען דאָרט ניט אַרײַנקומען, אָבער דער קיניג האָט וועגן דעם ניט געוואָלט הערן. ער האָט געמיינט אַז דאָרטן מוז זײַן אַ סך גאָלד און זילבער, אָדער אַ בילד פון ייִדישן גאָט. ער האָט אַלעמען אַוועקגעשטופּט און געוואָלט אַרײַנגיין אין הייליקן צימער. נאָר איידער ער איז אַרײַן, האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ און ער איז געפאַלן אין חלשות. מע האָט אים צוגענומען און ווען ער האָט זיך געפילט בעסער איז ער אַוועק פון ירושלים. אַזוי איז ער אין קדשי קדשים ניט אַרײַן.

דער קיניג האָט פֿײַנט געקראָגן ייִדן. ער איז גע־
וואָרן שלעכט צו די ייִדן פֿון אַלעקסאַנדריע. אין יהודה
זײַנען געווען ייִדן וואָס האָבן געטראַכט אַז עס וואָלט
געווען בעסער צו ווערן אַ טייל פֿון סיריע. ווען עס האָט
זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה צווישן מצרים און סיריע, האָבן
ייִדן געהאָלפֿן די סיריער. סיריע האָט געוואונען די
מלחמה. יהודה איז געוואָרן אַ טייל פֿון סיריע. איצט
האָבן ייִדן געדאַרפֿט שיקן שטײַערן קיין סיריע און פֿאָלגן
דעם סירישן קיניג.

| | |
|---|---|
| בשלום | in peace |
| רעגירונג | government |
| מישן | mix |
| קדשי־קדשים | Holy of Holies |
| אַוועקגעשטופּט | pushed away |
| פֿאַרדרייט דער קאָפּ | got dizzy |
| פֿאַלן אין חלשות | faint |
| פֿאָלגן | obey |

## פֿראַגעס

1. ווער האָט געפֿירט דאָס לאַנד, ווען יהודה איז געווען אונטער דער פּערסישער הערשאַפֿט?
2. ווער זײַנען געווען די סופֿרים?
3. ווער האָט געהאָלפֿן פֿירן דאָס ייִדישע לאַנד?
4. ווער איז געוואָרן דער הערשער פֿון ייִדישן לאַנד נאָך די פּערסיער?

5. מיט וואָס זײַנען גריכן געווען אַנדערש פֿון ייִדן ?

6. פֿאַרוואָס האָט מען איבערגעזעצט דעם תּנך אויף גריכיש ?

## טראַכט וועגן דעם

1. די רײַכע ייִדן האָבן זיך געפֿירט ווי די גריכן. די אָרעמע האָבן דאָס ניט געטאָן. פֿאַרוואָס ?

2. מע האָט איבערגעזעצט דעם תּנך אויף גריכיש. וואָס איז אַרויסגעקומען פֿון דעם ?

קאַפּיטל 2

# דער אויפשטאַנד פון די חשמונאים

## חסידים און העלעניסטן

ווען ייִדן זײַנען געוואָרן אַ טייל פון סיריע, איז דער קיניג פון סיריע ניט געווען שלעכט צו זיי. אַ טייל רײַכע און אַ טייל כהנים האָבן מער און מער אָנגעהויבן צו לעבן ווי גריכן. מע האָט געלערנט גריכיש און נאָכגעטאָן די גריכן. מע האָט אַוועקגעשטעלט סטאַטועס פון גריכישע געטער, מע האָט גענומען אַן אָנטייל אין פאַרשיידענע גריכישע ספּאָרטן. אַפילו דער כהן־גדול האָט געהאַט אַ גריכישן נאָמען און זיך געפירט ווי די גריכן. די צאָל העלעניסטן איז געוואָרן גרעסער.

די חסידים האָבן געזען ווי די העלעניסטן לעבן. זיי האָבן ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן לעבן ווי די גריכן. דאָס פאָלק איז געווען מיט די חסידים. די ערד־אַרבעטערס פון יהודה זײַנען געווען אָרעם. זיי האָבן ניט געוואוינט

אין די שטעט. זיי האָבן זיך געהאַלטן בײַם ייִדישן גלויבן. די העלעניסטן זײַנען אָבער געווען שטאַרק, ווײַל זיי האָבן געהאַט די הילף פֿון דעם סירישן קיניג. אַ טייל העלעניסטן האָבן אינגאַנצן געלעבט ווי די גריכן. אַנדערע זײַנען ניט געגאַנגען אַזוי ווײַט. די העלעניסטן האָבן אָנגעהויבן זיך קריגן צווישן זיך.

| | |
|---|---|
| אויפֿשטאַנד | revolt |
| נאָכגעמאַכט | imitated |

## אומרוען אין ירושלים

דער קיניג פֿון סיריע איז געשטאָרבן, זײַן ברודער איז געוואָרן קיניג. דער נײַער קיניג האָט געהייסן אַנטיוכוס. ער איז געווען זייער אַ שלעכטער מענטש. ער האָט געוואָלט אײַננעמען מצרים און מאַכן זײַן אימ־פּעריע גרעסער. ער האָט געוואָלט אַז אַלע פֿעלקער פֿון זײַן מלוכה זאָלן רעדן איין שפּראַך, האָבן איין רעליגיע און ווערן ווי איין פֿאָלק. ער האָט אויך געדאַרפֿט געלט פֿאַר זײַנע מלחמות. ער האָט געוואָלט אַז דער כהן־גדול זאָל אים העלפֿן אַרויסקריגן מער געלט פֿון די ייִדן און אײַנפֿירן גריכישע מנהגים אין יהודה.

דער כהן־גדול האָט דאָס ניט געוואָלט טאָן. האָט אַנטיוכוס געמאַכט זײַן ברודער פֿאַר דעם כהן־גדול. דער נײַער כהן־גדול האָט געהייסן דערציִען יִידישע קינדער אַזוי ווי גריכישע, ער האָט אײַנגעפֿירט גריכישע מנהגים, און געשיקט מער שטײַערן קיין סיריע.

עס זײַנען אָבער געווען העלעניסטן וואָס זײַנען ניט געווען צופֿרידן מיט דעם כהן־גדול. זיי האָבן צוגעזאָגט אַנטיוכוסן נאָך גרעסערע שטײַערן, זיי האָבן אַפֿילו צוגעזאָגט אַוועקצושטעלן סטאַטועס אין בית־המקדש. אַנטיוכוס האָט באַשטימט אַ נײַעם כהן־גדול. דער נײַער כהן־גדול האָט געדאַרפֿט שיקן אַ סך געלט דעם קיניג. אין בית־המקדש איז אַזוי פֿיל געלט ניט געווען, האָט ער גענומען די גאָלדענע שיסלען און אַנדערע כלים פֿון בית־המקדש און זיי אַוועקגעשיקט קיין סיריע.

די יִידן פֿון ירושלים זײַנען געוואָרן זייער אין כעס, ווען זיי האָבן געהערט וואָס דער נײַער כהן־גדול האָט געטאָן. זיי זײַנען אַרויס אין די גאַסן, אַרויסגעטריבן דעם כהן־גדול און דערהרגעט זײַן ברודער.

ווען אַנטיוכוס האָט וועגן דעם געהערט, האָט ער אַרײַנגעשיקט אַן אַרמיי אין ירושלים. די אַרמיי האָט

אויסגעהרגעט אַ סך ייִדן. די סאָלדאַטן זײַנען אַרײַן אין בית־המקדש און צוגענומען אַלץ וואָס איז דאָרטן געווען.



| | |
|---|---|
| riots, unrest | אומרוען |
| get out, | אַרויסקריגן |
| educate, bring up | דערציִען |
| appointed | באַשטימט |
| plates | שיסלען |
| vessels, instruments | כּלים |
| drove out | אַרויסגעטריבן |

## די גזירות פֿון אַנטיוכוסן

ווען עס איז געוואָרן שטיל אין ירושלים, האָט אַנטיוכוס אַרויסגעגעבן נײַע גזירות: ייִדן מוזן דינען די גריכישע געטער; ייִדן טאָרן ניט דאַווענען אין זייערע

שולן; די תורה טאָר מען ניט לערנען: די ספר־תּורות מוז מען פֿאַרבּרענען.

גריכישע סאָלדאַטן און העלעניסטישע ייִדן האָבּן געצוואונגען ייִדן צו עסן חזיר און צו דינען די גריכישע געטער. עס זײַנען דאָ אַ סך מעשׂות וועגן ייִדן, וואָס האָבּן ניט געוואָלט פֿאָלגן אַנטיוכוסן. מע האָט די ייִדן געשלאָגן און געפּײַניקט, אָבּער זיי האָבּן בּעסער געוואָלט שטאַרבּן ווי ייִדן.

*

אָט איז אַ מעשׂה וואָס ווײַזט ווי ייִדן האָבּן זיך ניט געוואָלט אונטערגעבּן:

אין יענער צײַט האָט געלעבּט אַן אַלמנה מיטן נאָמען חנה. זי האָט געהאַט זיבּן זין. מע האָט אַרעסטירט חנהן און אירע זיבּן זין און זיי געבּראַכט צום קיניג אַנטיוכוס. דער קיניג האָט אויסגעשריִען צום עלטסטן זון:

— „בּוק זיך צו די גריכישע געצן און עס אַ שטיקל חזיר פֿון דעם קרבּן וואָס מיר האָבּן צו זיי געבּראַכט!"

דער יונגער ייִד האָט געענטפֿערט:

— „מיר זײַנען גרייט צו שטאַרבּן איידער צו טאָן וואָס דו ווילסט!"

איז דער קיניג געוואָרן אין כּעס: — „טייט אים!" — האָט ער אויסגעשריִען, און מע האָט דעם מוטיקן בּחור געפּייניקט און דערנאָך געטייט.

האָט אַנטיוכוס בּאַפוילן דעם צווייטן זון זיך צו בּוקן פאַר די געצן. האָט דער צווייטער געזאָגט:

— „מײַן ברודער האָט זיך ניט געבּוקט און איך וועל זיך אויך ניט בּוקן!"

האָט אַנטיוכוס געהייסן טייטן דעם צווייטן זון. אַזוי מיט די אַנדערע זין, בּיז נאָר דער ייִנגסטער איז געבּליבּן.

האָט דער קיניג געזאָגט צו דעם ייִנגסטן זון וואָס איז נאָך געווען אַ ייִנגל:

— „דו בּיסט צו יונג צו שטאַרבּן. זעסט, איך וועל אַראָפּוואַרפן מײַן רינגל אויף דער ערד. אויב דו וועסט זיך אײַנבּייגן און אויפהייבּן מײַן רינגל, וועלן מײַנע געטער זײַן צופרידן, און איך וועל דיך לאָזן לעבּן".

דער ייִנגל האָט זיך אָבּער ניט גערירט פון אָרט. האָט דער קיניג געזאָגט צו חנהן — „רעד צו אים. זאָג אים, ער זאָל אויפהייבּן דאָס רינגל און ראַטעווען זײַן לעבּן".

האָט חנה געזאָגט: — „גוט, איך וועל רעדן צו אים". — און זי האָט געזאָגט צו איר לעצטן זון: — „האָבּ

ניט קיין מורא פֿאַר דעם קיניג, געדענק וואָס דײַנע בּרידער האָבּן געטאָן".

דער ייִנגל האָט געקוקט אויפֿן קיניג און זיך ניט אײַנגעבּויגן.

— „נו, וואָס וואַרטסטו?" — האָט דער קיניג געפֿרעגט.

— „איך בּין אַ ייִד און איך וועל ניט טאָן וואָס ייִדן טוען ניט!" — האָט דער ייִנגל געענטפֿערט.

האָט אַנטיוכוס געהייסן מע זאָל אים אויך טייטן. ווען די מאַמע האָט געזען אַז אַלע אירע זין זײַנען טויט, איז זי אויך געשטאָרבּן.

אַזוי האָבּן ייִדן זיך געשטעלט קעגן די גזירות. די פֿירערס פֿון פֿאָלק, די חסידים, זײַנען אַנטלאָפֿן אין די בּערג. פֿון צײַט צו צײַט זיינען זיי געקומען אין די קליינע שטעטלעך פֿון יהודה און געלערנט דאָס פֿאָלק. ווען די סיריער האָבּן זיי געכאַפּט, האָט מען זיי געפּײַניקט און געטייט.

| | |
|---|---|
| גזירה, גזירות | decree, law bad for Jews |
| דאַווענען | pray |
| ספר־תּורות | Scrolls of the Law |
| געצוואונגען | forced |
| געפּײַניקט | tortured |
| אונטערגעבּן זיך | surrender |
| קרבּן | sacrifice |
| בּאַפֿוילן | ordered |
| גערירט | moved |
| ראַטעווען | save |

# די חשמונאים

אין אַ קליין שטעטל מודיעין, ניט ווײַט פֿון ירושלים, האָט געוואוינט אַן אַלטער כהן מיטן נאָמען מתתיהו. ער איז געווען פֿון אַ משפחה וואָס האָט געהייסן חשמונאים. מתתיהו האָט געהאַט פֿינף זין און זיי אַלע זײַנען געווען קעגן סיריע און קעגן די העלעניסטן.

איינמאָל זײַנען סיריער געקומען אין מודיעין. זיי האָבן אַוועקגעשטעלט אַ סטאַטוע פֿון אַ גריכישן גאָט. זיי האָבן געהייסן אַלע ייִדן פֿון שטעטל זיי זאָלן דינען דעם גריכישן גאָט. ווײַל מתתיהו איז געווען דער פֿירער, האָט מען אים געהייסן אַז ער זאָל זײַן דער ערשטער וואָס זאָל עס טאָן. מע האָט אים געהייסן שעכטן אַ חזיר פֿאַר דעם גריכישן גאָט. מתתיהו האָט געזאָגט:

— „זאָלן אַנדערע פֿעלקער דינען אײַער גאָט און אײַער קיניג. איך און מײַן משפּחה וועלן בלײַבן בײַ אונדזער תּורה! מיר וועלן בלײַבן ייִדן!"

אין שטעטל איז געווען אַ ייִד וואָס האָט מורא געהאַט פֿאַר די סיריער. האָט ער געוואָלט טאָן וואָס אַנטיוכוס האָט געהייסן. איז ער געגאַנגען שעכטן דעם חזיר. נאָר איידער ער האָט געקענט דאָס טאָן, האָט

מתתיהו אים געטייט מיט אַ שווערד. מתתיהו האָט אויס־געראָפֿן — „ווער עס איז פֿאַר גאָט און זײַן תּורה זאָל גיין מיט מיר!"

מתּתיהוס זין און די ייִדן פֿון מודיעין זײַנען אָנגעפֿאַלן אויף די סיריער און זיי געטייט. זיי האָבן געוואוסט אַז באַלד וועלן אָנקומען נאָך סיריער. זײַנען זיי אַוועק אין די בערג און זיך באַהאַלטן. מיט דער צײַט זײַנען נאָך ייִדן געקומען אין די בערג. אַרום מתתיהון און זײַנע זין איז געוואָרן אַ קליינע ייִדישע אַרמיי. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויפֿשטאַנד קעגן די סיריער.

| | |
|---|---|
| slaughter, kill | שעכטן |
| hog, pig | הזיר |

## ייִדן טרײַבן אַרויס די סיריער פֿון ירושלים

מתתיהו איז געווען אַן אַלטער מאַן, אַ קורצע צײַט נאָכדעם ווי דער אויפֿשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן, איז ער געשטאָרבן. דער פֿירער איז געוואָרן זײַן זון יהודה. יהודה איז געווען אַ גוטער קריגסמאַן. מע האָט וועגן אים געזאָגט אַז ער איז אַזוי שטאַרק ווי אַ האַמער. דערפֿאַר האָט מען אים גערופֿן יהודה המכּבי, יהודה דער האַמער.

יהודה האָט געהאַט אַ קליינע, מוטיקע אַרמיי. יהודה האָט זי גוט געפֿירט. ווען אַנטיוכוס האָט געשיקט אַ



גרויסע סירישע אַרמיי קעגן די ייִדן, איז יהודה מיט זײַן קליינער אַרמיי אָנגעפֿאַלן אויף איר און זי צעשלאָגן. נאָך יהודהס זיג איז די ייִדישע אַרמיי געוואַקסן. אַנטיוכוס האָט געשיקט נאָך אַ גרעסערע אַרמיי און יהודה האָט אויך די נײַע אַרמיי צעשלאָגן. האָט די ייִדישע אַרמיי אײַנגענומען אַ גרויסן טייל פֿון לאַנד, זי איז אַרײַן אין דער הויפּטשטאָט ירושלים.

| | |
|---|---|
| מוטיק | brave |
| צעשלאָגן | defeated |

# דער יום־טובֿ חנוכּה

יהודה און זײַן אַרמיי זײַנען אַרײַן אין ירושלים. זיי זײַנען געקומען אין בית־המקדש. האָבן זיי געפֿונען גריכישע געטער און אומריינע זאַכן אין דעם הייליקן הויז. יהודה האָט געהייסן מע זאָל אויס־רייניקן דעם בית־המקדש און אים ווידער מאַכן גרייט צו דינען גאָט. ווען אַלץ איז געווען גרייט, האָט מען גע־מאַכט אַ גרויסן יום־טובֿ. דער יום־טובֿ איז געווען אַ חנוכּת־הבית, דאָס מיינט מע האָט באַנײַט דאָס הויז פֿון גאָט. אַכט טעג האָבן ייִדן געפֿײַערט דעם גרויסן יום־טובֿ. ער האָט זיך אָנגעהויבן דעם 25טן טאָג אין חודש כסלו. דאָס איז געשען אין יאָר 165 פֿאַר דער איצטיקער צײַט־רעכענונג.

פֿאַרוואָס האָט דער יום־טובֿ געדויערט אַכט טעג? וועגן דעם איז דאָ אַ שיינע מעשׂה:

ווען מע האָט אויסגערייניקט דעם בית־המקדש, האָט מען געדאַרפֿט אָנצינדן דעם נר־תּמיד, דאָס אייביקע ליכט וואָס פֿלעגט אַלעמאָל ברענען לעבן הייליקסטן צימער (קדשי־קדשים). פֿאַר דעם נר־תּמיד האָט מען געדאַרפֿט אַ ריינעם אייל וואָס די כּהנים פֿלעגן אַלעמאָל

צוגרייטן. אַזאַ הייליקן אייל האָט מען אין ערגעץ ניט געקענט געפֿינען. מע האָט געזוכט אין אַלע צימערן פֿון בית־המקדש. ענדלעך האָט מען אין קעלער געפֿונען אַ קליין קריגעלע אייל. אין קריגעלע איז געווען גענוג אייל אויף איין טאָג, אָבער ווען מע האָט אָנגעצונדן דעם נר־תּמיד האָט ער געברענט גאַנצע אַכט טעג.

דאָס ייִדישע פֿאָלק, אַ קליין פֿאָלק, האָט געזיגט איבער אַ גרויסער אימפּעריע. נאָך מער, אַ פֿאָלק האָט געקעמפֿט פֿאַר פֿרײַהייט און — האָט געוואונען. דאָס איז געשען דאָס ערשטע מאָל אין דער וועלט. ייִדן האָבן זיך זייער געפֿרייט מיט זייער זיג. זיי זײַנען געווען שטאָלץ מיט זייער קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט. דערפֿאַר איז חנוכּה געוואָרן אַ גרויסער ייִדישער יום־טובֿ.

| | |
|---|---|
| אומריין | unclean |
| איצטיקע צײַט־רעכענונג | current era |
| אויסגערייניקט | cleaned up |
| נר־תּמיד | eternal light |
| צוגרייטן | prepare |
| קעלער | cellar |
| קריגעלע | jug |
| געשען | happened |
| שטאָלץ | proud |

## די מלחמה מיט סיריע האָט זיך ניט געענדיקט

ווען יהודה מיט זײַן אַרמיי זײַנען אַרײַנגעקומען אין ירושלים, האָט זיך די מלחמה ניט געענדיקט.

זי האָט געדויערט נאָך 25 יאָר. אַנטיוכוס איז געשטאָרבן, אָבער דער נײַער קיניג פֿון סיריע האָט ווײַטער געפֿירט די מלחמה. ייִדן האָבן ווײַטער געדאַרפֿט קעמפֿן קעגן גרויסע סירישע אַרמייען. יהודה המכבי איז געפֿאַלן אין אַ גרויסער שלאַכט. זײַן ברודער יונתן איז געוואָרן דער פֿירער.

דערווײַל איז אין סיריע געוואָרן אומרואיק. די גענעראַלן פֿון סיריע האָבן זיך צעקריגט איבער דעם ווער עס זאָל זײַן קיניג.

יונתן איז געווען אין די בערג און זיך באַהאַלטן פֿון די סירישע סאָלדאַטן. ווען ער האָט געהערט וועגן די אומרועןְ, איז ער געקומען קיין יהודה. ער האָט פֿריִער צוגעזאָגט צו העלפֿן איין גענעראַל, דערנאָך אַן אַנדערן. צום סוף האָט סיריע געמאַכט שלום מיט אים. יונתן איז געוואָרן דער הערשער פֿון יהודה. די מלחמה האָט זיך געענדיקט און ייִדן האָבן ווידער געפֿירט זייער אייגן לאַנד. עס זײַנען אָבער נאָך אַלץ געווען צרות מיט די סיריער. אַ סיריער וואָס האָט פֿײַנט געהאַט יונתנען האָט אים דערהרגעט.

נאָך יונתנען איז זײַן ברודער שמעון געוואָרן דער פּירער פֿון די ייִדן. שמעון איז געווען דער איינציקער זון פֿון מתּתיהון וואָס איז געבליבן לעבן. שמעון האָט צונויפֿגערופֿן אַ גרויסע פֿאַרזאַמלונג פֿון די עלטסטע פֿון פֿאָלק. די פֿאַרזאַמלונג איז געווען צופֿרידן מיט די חשמונאים. עס איז געווען שלום אין לאַנד. ייִדן האָבן מער ניט געהאַט קיין פֿרעמדע הערשערס איבער זיך. די פֿאַרזאַמלונג האָט געמאַכט שמעונען פֿאַר דעם כּהן־גדול און דעם נשׂיא, פֿאַר דעם הויפּט־כּהן און פֿירער. ער איז ניט געוואָרן דער קיניג, ווײַל ייִדן האָבן געמיינט אַז דער קיניג פֿון ייִדן דאַרף קומען פֿון דוד המלכס משפּחה און די חשמונאים זײַנען ניט געווען פֿון דודס הויז.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער ייִדישער קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט און ייִדישקייט. ייִדן האָבן לאַנג געקעמפֿט און אַ סך געליטן, אָבער זיי האָבן געזיגט. זיי האָבן געקענט לעבן ווי זיי האָבן געוואָלט, לערנען תּורה, דינען גאָט און זיך פֿירן ווי ייִדן.

| | |
|---|---|
| הערשער | ruler |
| נשׂיא | prince, leader, ruler |
| געליטן | suffered |

## פֿראַגעס

1. ווי האָט מען גערופֿן די ייִדן וואָס האָבן געלעבט ווי גריכן?

2. ווער זײַנען געווען די חסידים?

3. וואָס האָט אַנטיוכוס געוואָלט פֿון די ייִדן?

4. ווער איז געוואָרן דער פֿירער פֿון אויפֿשטאַנד נאָך מתּתיהוס טויט?

5. פֿאַרוואָס פֿײַערן מיר דעם יום־טובֿ חנוכּה?

6. ווי אַזוי האָט זיך געענדיקט דער אויפֿשטאַנד?

## טראַכט וועגן דעם

1. די חשמונאָים האָבן געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד קעגן סיריע. עס איז געווען אַ לאַנגע און שווערע מלחמה. אַ סך ייִדן זײַנען דערהרגעט געוואָרן. זײַנען די חשמונאָים געווען גערעכט? פֿאַרוואָס?

2. אין אונדזער צײַט האָבן ייִדן ווידער אַן אייגענע מדינה. קען מען פֿאַרגלײַכן דעם קאַמף פֿאַר דער מדינה מיט דעם קאַמף פֿון די חשמונאָים?

קאַפּיטל 3

# ייִדן האָבן אַן אײגענע מלוכה

## רוים

אין יענע צײַטן איז אויפֿגעקומען אַ נײַע אימפּעריע. דאָס איז געווען די רוימישע אימפּעריע אָדער רוים, נאָכן נאָמען פֿון איר הויפּטשטאָט. ביסלעכווײַז איז רוים געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער. אירע אַרמייען האָבן אײַנגענומען מער און מער לענדער.

אַלע פֿעלקער אַרום דעם מיטלענדישן ים האָבן מורא געהאַט פֿאַר רוים. ווען שמעון איז געוואָרן דער פֿירער פֿון די ייִדן האָט ער געשיקט אַ בריוו צו די רוימי־שע הערשערס, אַז ייִדן וועלן זײַן געטרײַ דער רוימישער אימפּעריע. ער האָפּט אויך אַז ייִדן וועלן האָבן אַ פֿרײַנד אין די רוימער. רוים האָט געענטפֿערט אַז זיי וועלן זײַן ייִדישע פֿרײַנד. די ייִדן זײַנען געווען צופֿרידן. זיי האָבן ניט געוואוסט וואָס פֿאַר אַ צרות זיי וועלן שפּעטער האָבן פֿון די רוימער.

מיטלענדישער ים — Mediterranean Sea

שמעון פֿירט דאָס לאַנד

שמעון איז שוין געווען אַן אַלטער מאַן, ווען ער איז געוואָרן דער נשׂיא פֿון יהודה. ער האָט געפֿירט דאָס לאַנד בלויז זיבן יאָר. די יאָרן זײַנען געווען גוטע פֿאַר ייִדן. עס איז ניט געווען קיין מלחמה. ייִדן האָבן

געאַרבעט אויפֿן לאַנד. זיי האָבן געפֿירט האַנדל מיט אַנדערע לענדער. מען איז געקומען אין בית־המקדש דינען גאָט אויף די יום־טובֿים סוכות, פּסח און שבֿועות.

ניט אַלע ייִדן האָבן געקענט קומען אין בית־המקדש אין ירושלים. אין אַנדערע טיילן פֿון לאַנד זײַנען געווען שולן וואו ייִדן האָבן געדאַוונט. עס זײַנען אויך געווען שולן פֿאַר די קינדער, מע האָט זיי געלערנט די גוטע געזעצן פֿון דער תּורה און די קלוגע רייד פֿון די גרויסע געלערנטע. עס איז געווען אַ גוטע צײַט.

| | |
|---|---|
| געדאַוונט | prayed |

## פּרושים און צדוקים

ווען שמעון איז געשטאָרבן, איז זײַן זון יוחנן הורקנוס געוואָרן נשׂיא. ער איז געווען אַ שטאַרקער פֿירער און אַ גוטער קריגסמאַן. מיט זײַנע אַרמייען האָט ער אײַנגענומען די שטאָט פֿון די שומרונים וואָס האָבן נאָך געלעבט אין ייִדישן לאַנד און צעשטערט זייער טעמפּל. ער איז אויך אָנגעפֿאַלן אויף דעם קליינעם לאַנד אדום און געצוואונגען אַלע אדומים אָנצונעמען דעם ייִדישן גלויבן. דאָס ייִדישע לאַנד איז געוואָרן גרעסער און שטאַרקער.

אין יוחננס צײַט איז אויך געשאַפֿן געוואָרן דער גרויסער סנהדרין פֿון זיבעציק געלערנטע. דער סנהדרין האָט געהאָלפֿן אַרויסגעבן געזעצן, האָט געגעבן עצות דעם נשׂיא און איז אויך געווען דאָס העכסטע געריכט, אַזוי ווי דער „סופרים קאָורט" אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

דרײַסיק יאָר איז הורקנוס געווען נשׂיא. די כּהנים, סוחרים און די רײַכע זײַנען געווען צופֿרידן פֿון דעם וואָס ער האָט געטאָן. זיי האָבן געמאַכט גוטע געשעפֿטן און געלעבט גוט. די פּויערים און די אָרעמע זײַנען ניט געווען צופֿרידן. זיי האָבן גאָרניט געהאַט פֿון דעם וואָס דאָס לאַנד איז געוואָרן גרעסער און שטאַרקער. די גאָר פֿרומע ייִדן זײַנען אויך ניט געווען צופֿרידן. זיי האָבן ניט ליב געהאַט וואָס דער נשׂיא פֿירט זיך ווי ניט־ייִדישע קיניגן און צווינגט מענטשן צו ווערן ייִדן, נעמט צו בײַ זיי זייער לאַנד און רײַכטום.

עס האָבן זיך געשאַפֿן צוויי פּאַרטייען. די פּאַרטיי וואָס איז געווען צופֿרידן מיט הורקנוסן האָט זיך גערופֿן צדוקים. די צווייטע פּאַרטיי האָט זיך גערופֿן פּרושים. עס זײַנען געווען נאָך אַנדערע אונטערשיידן צווישן די

פּאַרטייען. די צדוקים האָבן געהאַלטן אַז מע מוז שטרענג אָפּהיטן די געשריבענע געזעצן פֿון דער תּורה. מע דאַרף קיין זאַך ניט בײַטן און קיין זאַך ניט צוגעבן. די געשרי־בענע תּורה רופֿט מען תּורה שבכתבֿ. די פּרושים האָבן געהאַלטן אַז נײַע צײַטן דאַרפֿן האָבן נײַע געזעצן. גרויסע געלערנטע דאַרפֿן צופּאַסן די געזעצן צו די נײַע צײַטן. די אויסטײַטשונגען און מיינונגען פֿון די גרויסע געלערנ־טע האָט מען גערופֿן די מינדלעכע תּורה, תּורה שבעל־פּה.

אין סנהדרין זײַנען געווען געלערנטע פֿון ביידע פּאַרטייען, וואָס האָבן געפֿירט צווישן זיך אַ קאַמף, אַזוי ווי עס פֿירט זיך אין אַ פּאַרלאַמענט אָדער אין אַמעריקאַ־נער קאָנגרעס. הורקנוס האָט געהאַלטן מיט די צדוקים. די פּרושים זײַנען פֿון דעם ניט געווען צופֿרידן.

אין יענער צײַט זײַנען געווען בײַ ייִדן נאָך אַנדערע גרופּעס. איין גרופּע איז געווען — די אסיים. די אסיים האָבן ניט געלעבט ווי די אַנדערע ייִדן. זיי האָבן געהאַט זייערע אייגענע שטעטלעך. דאָרט האָבן זיי אַלע געלעבט צוזאַמען. קיינער פֿון זיי האָט ניט געהאַט קיין אייגן פֿעלד אָדער הויז. אַלץ האָט געהערט צו דער גרופּע. די אסיים

האָבן ניט געגעסן קיין פֿלייש, האָבן געטראָגן פּשוטע ווײַסע קליידער און זייער שטרענג אָפּגעהיט די געזעצן פֿון דער תּורה. אַ טייל פֿון זיי האָבן געוואוינט לעבן ים־המלח. מע האָט אין די לעצטע יאָרן דאָרטן געפֿונען מגילות וואָס מע מיינט אַז די אסיים האָבן זיי געשריבן.

| | |
|---|---|
| פּויערים | peasants, farmers |
| צווינגען | force, forced |
| צופּאַסן | adapt |
| אויסטײַטשונגען | interpretations |
| מיינונגען | opinions |
| מינדלעך | oral |

## רוים מאַכט שלום צווישן ייִדן

נאָך הורקנוסעס טויט איז זײַן זון געוואָרן דער פֿירער פֿון ייִדישן לאַנד. ער איז געווען דער ערשטער פֿון די חשמונאָים וואָס האָט זיך גערופֿן קיניג. ער האָט געפֿירט אַ סך מלחמות און שטאַרק געמאַכט דאָס לאַנד. די פּרושים און מענטשן פֿון פֿאָלק האָבן אים ניט ליב געהאַט, ווײַל ער האָט גענומען גרויסע שטײַערן און געלעבט ווי די ניט־ייִדישע קיניגן. ווען ער איז געשטאָרבן, איז זײַן ווײַב שלומית געוואָרן די קיניגין.

מע זאָגט, אַז איידער ער איז געשטאָרבן, האָט דער קיניג אָנגעזאָגט דער קיניגין, אַז זי זאָל מער ניט פֿאָלגן די צדוקים, זי זאָל שלום מאַכן מיט די פּרושים

וואָס זײַנען געווען קעגן אים. שלומית האָט אים געפֿאָלגט. די פּרושים זײַנען געוואָרן די פֿירערס פֿון לאַנד. דאָס פֿאָלק איז געווען צופֿרידן. מע האָט גענומען ווייניקער שטײַערן. מע האָט געעפֿנט נײַע שולן צו לערנען תּורה און עס זײַנען געקומען גוטע צײַטן.

ווען שלומית איז געשטאָרבן, האָבן זיך אירע צוויי זין צעקריגט. יעדערער האָט געוואָלט זײַן קיניג. די פֿרײַנד פֿון איין זון האָבן געפֿירט מלחמה מיט די פֿרײַנד פֿון דעם אַנדערן זון. עס איז געוואָרן אומרואיק אין לאַנד. די צוויי זין זײַנען אַוועק צו דעם שטאַרקסטן לאַנד אין דער וועלט, רוים, און געבעטן אַז רוים זאָל באַשטימען ווער עס זאָל זײַן דער קיניג.

אין יענער צײַט איז דער רוימישער גענעראַל פּאָמפּיי געווען אין סיריע. ייִדן האָבן מורא געהאַט פֿאַר אים און פֿאַר זײַן אַרמיי. ביידע ברידער האָבן געשיקט מענטשן צו אים. זיי האָבן אים געבעטן, ער זאָל אויסקלײַבן דעם קיניג. די פּרושים האָבן אויך געשיקט מענטשן צו פּאָמפּייען. די פּרושים האָבן געבעטן, ער זאָל קיינעם ניט מאַכן פֿאַר אַ קיניג. זיי האָבן געוואָלט אַז אַ כּהן־גדול זאָל פֿירן דאָס לאַנד ווי אין די אַלטע צײַטן אונטער פּערסיע.

פּאָמפּיי האָט זיך צו קיינעם ניט צוגעהערט. ער האָט באַשטימט דעם עלטערן ברודער צו זײַן דער פֿירער פֿון לאַנד, אָבער ניט צו זײַן דער קיניג. אים צו היטן האָט ער באַשטימט זײַנעם אַ פֿרײַנד, איינעם פֿון די אדומים. דער ייִנגערער ברודער האָט ניט געוואָלט אויספֿאָלגן פּאָמפּייס באַפֿעל, האָט פּאָמפּיי אַרײַנגעשיקט אַן אַרמיי אין ירושלים און מיט גוואַלד געצוואונגען אויסצופֿירן זײַן באַפֿעל.

## הורדוס

רוים האָט איצט געהאַט די מאַכט אין ייִדישן לאַנד. אין גליל זײַנען געווען אַ סך ייִדן וואָס זײַנען געווען אומצופֿרידן מיט דעם. פּאָמפּייס פֿרײַנד, דער אדומי, איז געווען דער וויכטיקסטער מענטש אין לאַנד. ער האָט באַשטימט זײַן זון הורדוס פֿאַר דעם גובערנאַטאָר פֿון גליל. הורדוס איז געווען אַ שטרענגער און אַ שלעכ־טער מענטש. ער האָט פֿאַר קיין זאַך זיך ניט אָפּגע־שטעלט. ער האָט געכאַפּט דעם פֿירער פֿון די אומצו־פֿרידענע ייִדן און האָט אים געטייט. דער פֿירער איז געווען אַ פֿרײַנד פֿון די פּרושים.

ווען די געלערנטע פֿון סנהדרין אין ירושלים האָבן

וועגן דעם געהערט, האָבן זיי געהייסן הורדוסן קומען און זיך שטעלן פֿאַרן געריכט. ווען דער סנהדרין האָט עמעצן גערופֿן, האָט זיך געפֿירט אַז דער מענטש קומט אָנגעטאָן אין טונקעלע קליידער, און וואַרט ביז דער סנהדרין וועט זאָגן צי ער איז שולדיק אָדער ניט שולדיק. הורדוס איז געקומען אין שיינע קליידער, אַרומגערינגלט מיט זײַנע סאָלדאַטן.

אין סנהדרין האָט איינער אַזוי געזאָגט וועגן הורדוסן:

„קיינמאָל איז נאָך אַ מענטש ניט געקומען פֿאַר אונדז אָנגעטאָן אין פּורפּור און מיט סאָלדאַטן, און איר זײַט גרייט צו זאָגן אַז ער איז ניט שולדיק. איך זאָג אײַך אַז איר וועט נאָך אַ סך לײַדן פֿון אָט דעם מענטשן“.

מע האָט זיך אָבער ניט צוגעהערט צו די רייד. הורדוס איז באַפֿרײַט געוואָרן.

דאָס לאַנד איז געווען אומרואיק, אין גליל זײַנען נאָך אַלץ געווען קליינע גרופּעס וואָס האָבן געמאַכט אויפֿשטאַנדן. אין ירושלים האָט מען געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד קעגן דעם פֿירער וואָס רוים האָט באַשטימט. די רוימער האָבן געוואוסט אַז הורדוס איז זייער פֿרײַנד,

האָבן זיי באַשטימט הורדוסן פֿאַר דעם קיניג פֿון ייִדישן לאַנד.

הורדוס איז געווען קלוג און שלעכט. ער איז ניט געווען פֿון דער משפּחה חשמונאים. ער האָט געשטאַמט פֿון די אדומים. ער האָט געוואוסט, אַז ייִדן האַלטן אַז ער האָט ניט קיין רעכט צו זײַן דער קיניג. האָט ער חתונה געהאַט מיט מרימען, אַן אורא־ייניקל פֿון שמעונען, דעם ערשטן נשׂיא פֿון די חשמונאים. מיט דעם האָט ער געוואָלט, אַז ייִדן זאָלן אים ליב באַקומען. מרים האָט אָבער געהאַט אַ יונגן ברודער און אַ סך ייִדן האָבן געמיינט, אַז ער דאַרף זײַן דער קיניג. האָט הורדוס געהייסן זײַנע מענטשן, מע זאָל דעם ברודער טייטן. דערנאָך האָט ער אויך געטייט זײַן ווײַב מרים. אַלע זײַנע קעגנערס האָט ער געטייט.

הורדוס איז געווען קיניג 33 יאָר. די רוימער האָבן אים געהאָלפֿן מאַכן דאָס לאַנד גרויס און שטאַרק. ער האָט איבערגעבויט און שיין געמאַכט דעם בית־המקדש. פֿאַר דעם אָרעמען פֿאָלק האָט ער אָבער גאָרניט געטאָן. ער האָט גענומען גרויסע שטײַערן און געפֿירט מלחמות. די פּרושים און דאָס פֿאָלק האָבן אים פֿײַנט געהאַט. מע האָט אים גערופֿן הורדוס הרשע.

| | |
|---|---|
| court | געריכט |
| guilty | שולדיק |
| purple | פורפור |
| great grandchild | אוראייניקל |
| the villain | הרשע |



דער בית המקדש אין די צײַטן פֿון הורדוס

## הילל

אין אַלע צײַטן זײַנען בײַ ייִדן געווען גרויסע געלערנטע. זיי האָבן געלערנט דאָס פֿאָלק די תּורה און זי אויסגעטײַטשט. אַפֿילו אין די צײַטן פֿון אומרועען און מלחמות האָבן זיי געלערנט דאָס פֿאָלק.

אין הורדוסעס צײַט האָט געלעבט גאָר אַ גרויסער געלערנטער. ער איז געווען אַ פֿירער אין סנהדרין. דער געלערנטער האָט געהייסן הילל. ער איז געווען זייער אַ גוטער און מילדער מענטש. ער איז געבוירן געוואָרן אין בבל און איז געקומען קיין ירושלים זיך לערנען. ער

איז דעמאָלט געווען יונג און זייער אָרעם. מע דערציילט וועגן אים אַזאַ מעשׂה:

אין אַ קאַלטן ווינטערטאָג האָט הילל געוואָלט הערן אַ וויכטיקע לעקציע פֿון גרויסע לערערס. ער האָט ניט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן פֿאַר דעם אַרײַנגיין. ער האָט אָבער זייער שטאַרק געוואָלט הערן די לעקציע, איז ער אַרויף אויפֿן דאַך און געעפֿנט אַ קליין פֿענצטערל און זיך צוגעהערט צו דער לעקציע. עס איז געווען זייער קאַלט און עס האָט געשנייט. הילל האָט וועגן דעם אָבער ניט געטראַכט. ער האָט געהערט די לעקציע. ביסלעכ־ווײַז איז ער געפֿרוירן געוואָרן און דער שניי האָט אים צוגעדעקט. ווען די לעקציע האָט זיך געענדיקט, האָט זיך הילל שוין ניט געקענט רירן. אַ גאַנצע נאַכט איז הילל געלעגן אויפֿן דאַך. אין דער פֿרי האָט מען אים געפֿונען און אַרײַנגעבראַכט אין הויז אַ האַלב־טויטן. מע האָט אים קוים געראַטעוועט.

הילל האָט זיך אַ סך געלערנט. איינמאָל האָט מען אין דעם סנהדרין געשטעלט אַ שווערע פֿראַגע און קיי־נער האָט ניט געוואוסט דעם ענטפֿער. האָט איינער געזאָגט: „לאָמיר רופֿן היללן, אפֿשר ווייסט ער דעם

ענטפֿער". מע האָט אַזוי געטאָן און הילל האָט גלײַך געענטפֿערט. פֿון דעמאָלט אָן האָבן אַלע געוואוסט וואָס פֿאַר אַ גרויסער געלערנטער ער איז און מע האָט זיך אָנגעהויבן צוהערן צו זײַנע רייד.

| | |
|---|---|
| interpreted | אויסגעטײַטשט |
| gradually | ביסלעכווײַז |

## היללס קלוגשאַפֿט

הילל איז געווען זייער אַ מילדער מענטש. ער איז קיינמאָל ניט געוואָרן אין כּעס. מע דערציילט אַז אַמאָל האָט זיך אַ ייִד געוועט אַז ער וועט קענען אַרײַנברענגען היללן אין כּעס. איז ער געקומען אין היללס הויז און געזאָגט אַז ער מוז רעדן מיט דעם גרויסן געלערנטן; ער וויל אים פֿרעגן אַ זייער וויכטיקע פֿראַגע. הילל האָט זיך געבאָדן, אָבער ווען ער האָט געהערט אַז עמעצער וויל מיט אים רעדן, איז ער גלײַך געקומען. דער ייִד האָט אים געשטעלט אַ נאַרישע פֿראַגע. הילל האָט אים רואיק געענטפֿערט, און איז צוריק אַוועק זיך באָדן. דער ייִד איז אָבער אין אַ פּאָר מינוט אַרום צוריקגעקומען און ווידער געשטעלט היללן אַ נאַרישע פֿראַגע. הילל האָט אים ווידער רואיק געענטפֿערט. עטלעכע מאָל האָט דער ייִד אַזוי געטאָן און יעדער מאָל האָט אים הילל

רואיק געענטפֿערט. צום סוף איז דער ייִד געוואָרן אין כּעס:

— „וואָס פֿאַר אַ מענטש זײַט איר?" — האָט ער געזאָגט. „צוליבֿ אײַך האָב איך פֿאַרלוירן אַ געוועט".

הילל איז געבליבן רואיק. — „בעסער איר זאָלט פֿאַרלירן אײַער געוועט, איידער איך זאָל פֿאַרלירן מײַן געדולד", — האָט ער געענטפֿערט.

הילל האָט געקענט צופּאַסן די געשריבענע תּורה צו דער מינדלעכער תּורה. ער האָט זייער ליב געהאַט מענטשן. ער האָט דערקלערט די געזעצן פֿון דער תּורה ניט מיט שטרענגקייט, נאָר מיט מילדקייט.

אין די צײַטן פֿון היללן האָט געלעבט אַ צווייטער גרויסער לערער וואָס האָט געהייסן שמאי. שמאי איז געווען זייער אַ שטרענגער. ער האָט געמיינט אַז הילל איז צו מילד.

| | |
|---|---|
| געוועט | made a bet |
| געדולד | patience |

## הילל און שמאי

וועגן היללן און שמאין דערציילט מען אַזאַ מעשׂה:

אַמאָל האָט אַ געצן־דינער געוואָלט ווערן אַ ייִד.

ער האָט אָבער מורא געהאַט פֿאַר די שטרענגע ייִדישע געזעצן. איז ער געקומען צו שמאַין און אים געזאָגט: — „איך וועל ווערן אַ ייִד, אויב דו וועסט מיך קענען אויסלערנען די גאַנצע תּורה אין דער צײַט ווען איך שטיי אויף איין פֿוס״.

שמאי איז געוואָרן אין כּעס און אים אַרויסגעטריבן פֿון זײַן הויז. איז דער געצן־דינער אַוועק צו היללן און אים אויך געבעטן, אַז ער זאָל אים אויסלערנען די תּורה אויף איין פֿוס. האָט הילל געענטפֿערט: — „וואָס איז דיר ניט ליב זאָלסטו קיין אַנדערן ניט טאָן. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע פֿון דער תּורה, די אַנדערע זאַכן זײַנען נאָר צוגאָבן צו דעם״. דער מענטש איז געוואָרן אַ ייִד.

הילל האָט גוט געלערנט דאָס פֿאָלק. ער האָט געזאָגט: „האָב ליב שלום און זע אַז מענטשן זאָלן לעבן בשלום צווישן זיך. האָב ליב מענטשן און העלף זיי צו פֿאַרשטיין די תּורה. משפּט ניט דײַן חבֿר, אויב דו ביסט ניט אין זײַן לאַגע. ווער עס וויל זײַן גרויס און וויכטיק, דער ווערט פֿאַרגעסן. ווער עס לערנט ניט קיין נײַע זאַכן פֿאַרגעסט דאָס אַלטע וואָס ער קען שוין״.

ווען הילל איז געשטאָרבן האָט ער איבערגעלאָזט תלמידים וואָס האָבן ווײַטער געלערנט זײַן תורה.

| | |
|---|---|
| additions | צוגאָבן |
| to judge | משפּטן |
| situation, condition | לאַגע |

## ארץ־ישׂראל ווערט אַ רוימישע פּראָווינץ

נאָך הורדוסעס טויט האָבן זײַנע זין זיך צעקריגט איבער דעם ווער עס זאָל ווערן קיניג. עס איז ווידער געוואָרן אומרואיק אין לאַנד. די רוימער האָבן פריִער געשטיצט איינעם און דערנאָך אַן אַנדערן. צום סוף האָט רוים אַרײַנגעשיקט אַ פּראָקוראַטאָר (גובערנאַטאָר) מיט סאָלדאַטן, און דער פּראָקוראַטאָר האָט געהערשט אין לאַנד. עס איז נאָך געבליבן דער סנהדרין און דער כהן־גדול, אָבער זיי האָבן געדאַרפט טאָן וואָס דער פּראָקוראַטאָר האָט געהייסן. דאָס ביסל פרײַהייט וואָס ייִדן האָבן געהאַט האָט זיך געענדיקט.

| | |
|---|---|
| supported | געשטיצט |

### פראַגעס

1. וואָס איז געווען דער סנהדרין ?
2. וואָס האָבן געזאָגט די צדוקים ?
3. וואָס האָבן געזאָגט די פּרושים ?

4. וואָס איז דער אונטערשייד צווישן תּורה שבּכּתבֿ און תּורה שבּעל־פּה ?

5. פֿאַרוואָס האָט רוים געדאַרפֿט מאַכן שלום צווישן ייִדן ?

6. ווי אַזוי איז הורדוס געוואָרן דער קיניג פֿון ייִדישן לאַנד ?

7. פֿאַרוואָס האָבן ייִדן ליבֿ געהאַט היללן ?

8. וואָס האָט הילל געלערנט דאָס פֿאָלק ?

9. פֿאַרגלייַך די צוויי לערערס — הילל און שמאַי.

## טראַכט וועגן דעם

1. הורדוס איז געווען אַ גרויסער קיניג. ער האָט געמאַכט ארץ־ישׂראל רייַך און שטאַרק. פֿאַרוואָס האָט מען אים געהאַלטן פֿאַר אַ שלעכטן קיניג ?

2. פֿאַרוואָס רופֿט מען היללס ענטפֿער „וואָס דיר איז ניט ליבֿ זאָלסטו קיין אַנדערן ניט טאָן" — דאָס גאָלדענע געזעץ ?

3. בײַ ייִדן איז הילל געווען וויכטיקער פֿון דעם גרויסן קיניג הורדוס. פֿאַרוואָס ?

קאַפּיטל 4

# ייִדן אונטער רוים

## די שלעכטע פּראָקוראַטאָרן

די פּראָקוראַטאָרן וואָס רוים האָט אַרײַנגע־
שיקט אין ייִדישן לאַנד האָבן געצוואונגען ייִדן צו צאָלן
גרויסע שטײַערן. אַ טייל שטײַערן האָבן זיי געדאַרפֿט
אָפּשיקן קיין רוים, אָבער אַ טייל האָבן זיי געקענט האַלטן
פֿאַר זיך. וואָס מער שטײַערן אַ פּראָקוראַטאָר האָט גע־
קענט אַרויסקריגן פֿון די ייִדן, אַלץ מער איז געבליבן
פֿאַר אים. דעריבער האָט יעדער פּראָקוראַטאָר זייער
שטאַרק געדריקט די ייִדן.

פֿאַרשטייט זיך אַז די ייִדן זײַנען געווען זייער
אומצופֿרידן. זיי האָבן געמוזט אַרבעטן זייער שווער כּדי
צו קענען צאָלן די גרויסע שטײַערן. אין זייער לאַנד האָבן
ייִדן זיך געפֿילט זייער שלעכט.

oppressed — געדריקט

# דער גלויבן אין משיחן

ווען צײַטן זײַנען שלעכט, זוכן מענטשן צו פֿאַרגעסן זייערע צרות. אַ סך ייִדן האָבן געגלייבט, אַז עס וועט קומען משיח, אַ געזאַלבטער פֿון גאָט, וואָס וועט ראַטעווען דאָס ייִדישע פֿאָלק און אַלע מענטשן. מע האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אַ מאַן פֿון הויז פֿון דוד וואָס וועט קומען און מאַכן אַ גן־עדן אויף דער ערד. מע האָט געזאָגט: ווען משיח וועט קומען, וועלן מענטשן זײַן גוט איינער צום אַנדערן. אַלע וועלן זײַן גליקלעך. אַ סך ייִדן האָבן אויך געגלייבט אַז נאָכן טויט איז דאָ אַן אַנדער וועלט, אַ יענע וועלט, וואו מע לעבט אייביק און מע איז אַלעמאָל גליקלעך.

אין די צײַטן, ווען ייִדן זײַנען געווען געדריקט פֿון די שלעכטע פּראָקוראַטאָרן, האָבן זיי מער ווי פֿריִער גע־האָפֿט אויף משיחן. אין יענער צײַט איז אויך אויפֿגעקומען אַ גרופּע מענטשן וואָס האָבן געהאַלטן אַז משיח איז שוין געקומען.

| | |
|---|---|
| hope<br>annointed | האָפֿענונג<br>געזאַלבטער |

## דער אָנהייב פֿון קריסטנטום

איר געדענקט דאָך וועגן די אסיים. אין דער צײַט פֿון די פּראָקוראַטאָרן איז איינער פֿון זייערע פֿירערס געווען יוחנן. ער פֿלעגט גיין איבערן לאַנד און הייסן מענטשן זיי זאָלן זײַן גוט און פֿרום. צו אים האָט זיך צו־געהערט אַ יונגער ייִד, אַ זון פֿון אַ סטאָליער, מיטן נאָמען ישו. ישו איז געוואָרן יוחננס תּלמיד. מיט דער צײַט איז ער אַליין געוואָרן אַ לערער. ער האָט שיין גערעדט. ער פֿלעגט גיין איבערן לאַנד און הייסן מענטשן זײַן גוט און פֿרום. ער האָט זיי געזאָגט, אַז עס איז שלעכט אויף דער וועלט, אָבער אויב זיי וועלן זײַן גוט און פֿרום — וועט זיי זײַן גוט נאָכן טויט. ער פֿלעגט אויך היילן קראַנקע און בעטן גאָט פֿאַר זיי. מענטשן האָבן זיך צוגעהערט צו אים. מע האָט וועגן אים געזאָגט, אַז ער איז דער משיח פֿון דעם הויז פֿון דוד. ער וועט ראַטעווען די ייִדן און אײַנשטעלן גאָטס מלוכה.

ישו איז געקומען אויף פּסח אין ירושלים. ער איז אַוועק אין בית־המקדש און דאָרט גערעדט קעגן דער רע־גירונג און קעגן דעם ווי מענטשן פֿירן זיך מיט אומרעכט. דער פּראָקוראַטאָר האָט וועגן דעם געהערט. ער האָט געהייסן אַרעסטירן ישון. מע האָט אים געבראַכט פֿאַרן

געריכט און אים באַשולדיקט, אַז ער וויל מאַכן אַן אויפֿ־שטאַנד קעגן רוים. דאָס געריכט האָט אים געפֿונען שולדיק. דער פּראָקוראַטאָר האָט געהייסן מע זאָל אים טייטן. ווען די רוימער האָבן באַשטראָפֿט אַ פֿאַרברעכער מיט טויט, פֿלעגן זיי אים אויפֿהענגען אויף אַ קרייץ. אַזוי האָט מען געטאָן מיט ישון. אויפֿן קרייץ האָט מען אויפֿגעשריבן: „ישו — דער קיניג פֿון די ייִדן".

נאָך זײַן טויט האָבן זײַנע פֿרײַנד געזאָגט אַז ער איז טאַקע משיח. ער וועט נאָך אַמאָל צוריקקומען און ברענגען גאָטס מלוכה אויף דער וועלט. אויף גריכיש הייסט משיח — קריסטוס, און ישו — יעזוס. מיט דער צײַט האָט מען ישון אָנגעהויבן רופֿן יעזוס קריסטוס (ישו דער משיח). מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע פֿעלקער האָבן אָנגעהויבן גלייבן, אַז ער איז משיח און אַז ער וועט צוריקקומען. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די קריסטלעכע רעליגיע וואָס האָט זיך שפּעטער פֿאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

| | |
|---|---|
| סטאָליער | carpenter |
| באַשולדיקט | accused |
| שולדיק | guilty |
| פֿאַרברעכערס | criminals |
| קרייץ | cross |

## דער אויפשטאַנד קעגן רוים

עס איז געקומען זייער אַ שלעכטער פּראָקוראַ־טאָר. ער האָט ניט בלויז גענומען די שטײַערן וואָס ייִדן האָבן געדאַרפֿט צאָלן צו רוים, ער האָט אויך צוגענומען דאָס געלט וואָס ייִדן האָבן געשיקט אין בית־המקדש פֿאַר די כּהנים און לוויִם.

ווען די ייִדן אין ירושלים האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, זײַנען זיי אַרויס אין די גאַסן און פּראָטעסטירט. דער פּראָקוראַטאָר האָט געשיקט זײַנע סאָלדאַטן און זיי האָבן אויסגעהרגעט טויזנט ייִדן. טייל ייִדן האָבן געזאָגט אַז מע קען שוין מער ניט לײַדן. מע מוז זיך באַפֿרײַען פֿון רוים. אָט די ייִדן האָט מען גערופֿן זעלאָטן. ניט אַלע ייִדן האָבן געוואָלט זיך שלאָגן מיט רוים. די זעלאָטן האָבן געהאַט געווער. זיי זײַנען באַפֿאַלן די רוימישע סאָלדאַטן. זיי האָבן איבערגענומען די שטאָט ירושלים, זי באַפֿעסטיקט און אי־בערגענומען די פֿירערשאַפֿט פֿון לאַנד.

אין סיריע האָט זיך געפֿונען דער הויפּט־פּראָקוראַ־טאָר פֿון רוים. ווען ער האָט געהערט וואָס עס האָט גע־טראָפֿן אין ירושלים, האָט ער געשיקט אַן אַרמיי אײַנצו־נעמען די שטאָט. די רוימער האָבן אַרומגערינגלט די

שטאָט. די ייִדן האָבן זיך זייער גוט געשלאָגן. די רוימער האָבן די שטאָט ניט געקענט אײַננעמען. אַ סך רוימישע סאָלדאַטן זײַנען געפֿאַלן אין מלחמה מיט די ייִדן. דער רוימישער גענעראַל האָט באַשלאָסן זיך צוריקצוציִען פֿון ירושלים. ווען זײַן אַרמיי האָט אָנגעהויבן זיך צוריקצוציִען זײַנען ייִדן אַרויס פֿון ירושלים און באַפֿאַלן די רוימער. די רוימער זײַנען אַנטלאָפֿן.

אין ירושלים האָט מען זיך שטאַרק געפֿרייט. מע האָט אָבער געוואוסט אַז רוים וועט ניט לאָזן ייִדן זײַן פֿרײַ. מע האָט זיך גענומען גרייטן צו אַ לאַנגער מלחמה מיט רוים. די ייִדישע פֿירערס האָבן געטראַכט, אַז רוים וועט מאַכן אַן אַטאַקע פֿריִער אויף גליל און דערנאָך אָנפֿאַלן אויף ירושלים. פֿאַר דעם פֿירער פֿון גליל האָט מען גע־מאַכט אַ יונגן ייִדן וואָס האָט געהייסן יוסף. יוסף איז פֿריִער געווען אין רוים, זיך באַקענט מיט רוימער און דעם רוימישן לעבן. די רוימער האָבן אים גערופֿן יאָסעפֿוס. יאָסעפֿוס איז אַוועק אין גליל און דאָרט באַפֿעסטיקט די שטעט. אין ירושלים האָט מען אָנגעגרייט אַ סך עסן און געווער. ניט אַלע ייִדן זײַנען געווען פֿאַראייניקט. די זעלאָטן האָבן געוואָלט פֿירן דעם קאַמף ביז דאָס ייִדישע

לאַנד וועט זײַן אינגאַנצן פֿרײַ. אַנדערע האָבן בלויז גע־וואָלט אַז רוים זאָל לאָזן ייִדן לעבן ווי ייִדן.

| | |
|---|---|
| באַפֿעסטיקט | fortified |
| אָנגעגרייט | prepared |

## דער חורבן פֿון צווייטן בית־המקדש

ווען דער קיניג פֿון רוים האָט געהערט וואָס עס האָט געטראָפֿן אין ירושלים, האָט ער געשיקט זײַן בעסטן גענעראַל וועספּאַסיאַן מיט אַ גרויסער אַרמיי קיין ארץ־ישׂראל. וועספּאַסיאַן איז פֿריִער אָנגעפֿאַלן אויף גליל. יאָסעפֿוס האָט געוואוסט אַז די רוימער זײַנען שטאַרקער, האָט ער זיך ניט געוואָלט שלאָגן. עס איז געפֿאַלן איין פֿעסטונג נאָך דער אַנדערער. די ייִדן האָבן זייער העלדיש געקעמפֿט. אָבער די רוימער האָבן געזיגט.

די שטאַרקסטע פֿעסטונג אין גליל איז געווען די שטאָט יודפֿת. דאָרטן זײַנען די רוימער געבליבן שטיין אַ לאַנגע צײַט. דאָרטן איז אויך געווען יאָסעפֿוס. נאָך אַ לאַנגן קאַמף האָבן די רוימער דורכגעבראָכן די ווענט פֿון יודפֿת. זיי זײַנען אַרײַן אין שטאָט און געטייט אַלע ייִדן. יאָסעפֿוס מיט פֿערציק ייִדישע סאָלדאַטן האָבן זיך באַ־האַלטן אין אַ הייל. ווען די רוימער האָבן זיך דערוואוסט



רוים באַלאַגערט ירושלים

וואו זיי באַהאַלטן זיך, זײַנען זיי געקומען צו דער הייל. יאָסעפֿוס און זײַנע סאָלדאַטן האָבן באַשלאָסן צו שטאַרבן איידער זיך אונטערגעבן צו די רוימער. זיי האָבן זיך איינער דעם אַנדערן געטייט. דער לעצטער וואָס איז געבליבן איז געווען יאָסעפֿוס. ער האָט זיך אָבער ניט גענומען דאָס לעבן. ער איז אַרויס פֿון הייל און זיך אונטערגעגעבן דעם רוימישן גענעראַל. ער האָט אַפֿילו צוגעזאָגט, אַז ער וועט אים העלפֿן קעגן די ייִדן.

ווען די ייִדן אין ירושלים האָבן זיך דערוואוסט וואָס יאָסעפֿוס האָט געטאָן, האָבן זיי געזאָגט, אַז ער איז אַ

פֿאַררעטער. מיט יאָרן שפּעטער האָט יאָסעפֿוס געשריבן ביכער וועגן דער מלחמה מיט רוים, און פֿון זײַנע ביכער וויסן מיר ווי העלדיש ייִדן האָבן זיך געשלאָגן.

נאָכדעם ווי וועספּאַסיאַן האָט אײַנגענומען גליל, האָט ער אַרומגערינגלט ירושלים. ירושלים איז געווען גוט באַפֿעסטיקט און עס איז געווען שווער אײַנצונעמען די שטאָט. דערווײַל איז דער רוימישער קיניג געשטאָרבן. איז וועספּאַסיאַן אויף גיך אַוועק אין רוים. ער איז געוואָרן דער קיניג.

ייִדן האָבן אין ירושלים געקענט ווײַטער זיך גרייטן צו דער מלחמה. ייִדן זיינען אָבער ניט געווען פֿאַראייניקט, ווײַל ניט אַלע האָבן געוואָלט די מלחמה מיט רוים. ייִדן האָבן אָנגעהויבן זיך שלאָגן צווישן זיך און אַזוי איז ירושלים געוואָרן שוואַך.

ווען וועספּאַסיאַן איז געוואָרן קיניג, האָט ער געשיקט זײַן זון טיטוס מיט אַ גרויסער אַרמיי אײַנצונעמען ירו־שלים. ווען טיטוס מיט זײַן אַרמיי זײַנען געקומען נאָענט צו ירושלים, האָבן אַלע ייִדן אויפֿגעהערט זיך צו קריגן און אַלע ייִדן האָבן געקעמפֿט קעגן אים. מער ווי אַ יאָר האָט מען זיך געשלאָגן אַרום די ווענט פֿון ירושלים. ייִדן

האָבן העלדיש געקעמפּט. אין שטאָט איז ניט געווען וואָס צו עסן. אַ סך מענטשן זײַנען אויסגעשטאָרבן פֿון הונגער. ענדלעך האָט טיטוס דורכגעבראָכן די ווענט. ער איז אַרײַן אין שטאָט, אָבער ייִדן האָבן ווײַטער געקעמפּט. זיי האָבן באַפֿעסטיקט דעם בית־המקדש וואָס איז געשטאַנען אויף אַ באַרג און טיטוס האָט געמוזט דורכברעכן די ווענט פֿון בית־המקדש. נאָך אַ לאַנגן קאַמף איז טיטוס אַרײַן אין בית־המקדש. ער האָט אַלץ פֿאַרברענט. פֿון בית־המקדש איז נאָר געבליבן איין וואַנט, די מערבֿ־וואַנט, דער כּותל־מערבֿי. די וואַנט שטייט נאָך הײַנט אין ירושלים. טיטוס האָט אויסגעהרגעט אַ סך ייִדן. אַנדערע האָט ער גענומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט.

אַזוי איז חרובֿ געוואָרן דער צווייטער בית־המקדש. ווען טיטוס איז צוריקגעקומען אין רוים, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך ייִדישע געפֿאַנגענע. ער האָט געלאָזט אויפֿבויען אַ גרויסן טויער, וואָס זאָל זײַן אַ מאָנומענט צו זײַן זיג איבער די ייִדן. דער טיטוס־טויער שטייט נאָך הײַנט אין רוים.

נאָכדעם ווי ירושלים איז געפֿאַלן, האָבן זיך ייִדן נאָך אַלץ געשלאָגן אין אַנדערע טיילן פֿון לאַנד. די רוימער



דער טיטוס־טויער

האָבן אָבער צעשלאָגן די קליינע גרופּעס ייִדישע קעמ־
פֿערס. די לעצטע ייִדישע פֿעסטונג מסדה איז געווען לעבן
טויטן ים. זי איז געשטאַנען אויף אַ הויכן פֿעלדז. דאָרט
האָבן ייִדן העלדיש געקעמפֿט. די רוימער האָבן אַרומגע־
רינגלט די פֿעסטונג. נאָך אַ לאַנגן שווערן קאַמף האָבן
די רוימער דורכגעבראָכן די ווענט. ווען זיי זײַנען אַרײַן
אין דער פֿעסטונג האָבן זיי דערזען אַז אַלע ייִדן זײַנען

טויט. איידער זיך אונטערגעבן דעם שונא, האָבן זיי בע־
סער אַליין זיך גענומען דאָס לעבן.

| | |
|---|---|
| פֿעסטונג | fortress |
| פֿאַררעטער | traitor |
| אויפֿגעהערט | stopped |
| געפֿאַנגענשאַפֿט | captivity |
| אויסהאַלטן | hold out |



אַ דעטאַל פֿון טיטוס־טויער

## יוחנן בן זכאי

דער גרעסטער געלערנטער פֿון יענער צײַט איז געווען יוחנן בן זכאי. ער האָט געוואוסט אַז ייִדן וועלן פֿאַרלירן די מלחמה. ער האָט געוואוסט אַז די רוימער וועלן חרובֿ מאַכן דעם בית־המקדש און וועלן טייטן די ייִדישע געלערנטע. ער האָט מורא געהאַט אַז עס וועט מער ניט זײַן קיינער וואָס זאָל פֿירן דאָס ייִדישע פֿאָלק. האָט ער געוואָלט אַרויס פֿון ירושלים מיט זײַנע

תּלמידים און געפֿינען אַן אָרט וואו ער זאָל ווײַטער קענען לערנען תּורה. האָט יוחנן געהייסן זײַנע תּלמידים זיי זאָלן דערציילן אַז ער איז געשטאָרבן. די תּלמידים האָבן אַזוי געטאָן.

מע האָט דעם געלערנטן אַרײַנגעלייגט אין אַן אָרון און די תּלמידים זײַנען נאָכגעגאַנגען ווי אויף אַ לוויה. מען איז געקומען צום טויער, איז דאָרט געשטאַנען אַ וואַך פֿון די זעלאָטן. די זעלאָטן האָבן ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן אַרויס פֿון שטאָט. מע האָט אָפּגעשטעלט די תּלמידים. — „ווער זײַט איר און וואו גייט איר ?“ — האָבן די זעלאָטן געפֿרעגט. — „מיר זײַנען די תּלמידים פֿון רבי יוחנן בן זכאי. ער איז געשטאָרבן און מיר גייען אים מקבר זײַן“. די זעלאָטן האָבן געזען דעם אָרון. זיי האָבן געוואָלט דורכשטעכן דעם אָרון. האָבן די תּלמידים געזאָגט : — „די רוימער וועלן מיינען אַז ייִדן האָבן געטייט זייער רבין“. האָבן די זעלאָטן געלאָזט אַרויספֿירן דעם אָרון פֿון שטאָט. זיי האָבן געמיינט אַז רבי יוחנן בן זכאי איז טויט.

דערנאָך זײַנען די תּלמידים מיטן אָרון געקומען צו דער רוימישער וואַך. רבי יוחנן בן זכאי איז אַרויס פֿון

אָרון און געבעטן, מע זאָל אים פֿירן צום גענעראַל וועס־פּאַסיאַן. דער גענעראַל האָט געוואוסט ווער רבי יוחנן איז. — „פֿאַרוואָס קומסטו צו מיר״? — האָט וועספּאַסיאַן געפֿרעגט. — „איך קום בעטן דעם קיניג, ער זאָל מיר אָפּגעבן דאָס שטעטל יבֿנה מיט די געלערנטע וואָס לעבן דאָרט״.

— איך בין ניט קיניג״ — האָט וועספּאַסיאַן זיך גע־וואונדערט.

— „דו וועסט ווערן קיניג״, — האָט רבי יוחנן גע־ענטפֿערט.

וועספּאַסיאַנען זײַנען געפֿעלן געוואָרן רבי יוחננס רייד. און ער האָט געזאָגט:

— „דו קענסט גיין קיין יבֿנה און דאָרטן לערנען מיט דײַנע תּלמידים״.

יוחנן בן זכאי און זײַנע תּלמידים זײַנען אַוועק אין דער שטאָט יבֿנה. דאָרט האָבן זיי געעפֿנט אַ ישיבֿה וואו עס זײַנען געקומען יונגע מענטשן זיך לערנען.

| | |
|---|---|
| חרובֿ מאַכן | destroy |
| אָרון | coffin |
| וואַך | guard |
| מקבר זײַן | bury |
| לוויה | funeral |
| דורכשטעכן | pierce |



יוחנן בן זכאי און װעספּאַסיאַן

## די תּנאים

נאָך דעם חורבן איז די ישיבֿה אין יבֿנה געװאָרן דער צענטער פֿאַר ייִדישע געלערנטע. יוחנן בן זכאי האָט װײַטער געלערנט די תּורה. ער האָט געהאַט אַ סך תּלמידים. ער האָט אין יבֿנה װידער אױפֿגעשטעלט דעם סנהדרין.

װען יוחנן בן זכאי איז געשטאָרבן, זײַנען שױן געװען אַנדערע געלערנטע װאָס זאָלן פֿירן דעם סנהדרין. מע האָט װײַטער געלערנט די תּורה, מע האָט געמאַכט נײַע גוטע געזעצן פֿאַר ייִדן. די געלערנטע האָט מען גערופֿן תּנאים. זײ זײַנען אַלע געװען פּרושים.

אין לאַנד האָבן געהערשט די רוימישע פּראָקוראַ־טאָרן. זיי האָבן גענומען שטײַערן און געזען אַז אין לאַנד זאָל זײַן רואיק. דער נשׂיא פֿון סנהדרין איז געוואָרן דער יידישער פֿירער. אַזוי האָבן ייִדן געלעבט אין ארץ־ישׂראל נאָך דעם חורבן פֿון בית־המקדש.



כּותל־מערבֿי

## פֿראַגעס

1. ווער זײַנען געווען די פּראָקוראַטאָרן?
2. פֿאַרוואָס האָבן ייִדן אין יענער צײַט אָנגעהויבן גלייבן אין משיחן?
3. ווי אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן קריסטנטום?

4. ווער זײַנען געווען די זעלאָטן? וואָס האָבן זיי געוואָלט?

5. ווער איז געווען יאָסעפוס? וואָס האָט ער געטאָן?

6. וואָס ווייסט איר וועגן כּותל־מערבֿי?

7. וואָס האָט יוחנן בן זכּאי אויפֿגעטאָן?



רבי יהודה הנשיאס קבֿר

## טראַכט וועגן דעם

1. ארץ־ישׂראל איז געווען אַ קליין לאַנד. ייִדן האָבן געוואָלט זײַן פֿרײַ. זיי האָבן געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד. האָט מען געדאַרפֿט מאַכן דעם אויפשטאַנד?

2. די זעלאָטן האָבן געהאַלטן אַז יאָסעפֿוס איז
אַ פֿאַררעטער. ווען יאָסעפֿוס וואָלט זיך גענומען
דאָס לעבן, וואָלט ער ניט געקענט אָנשרײַבן
זײַן געשיכטע. פֿון איר ווייסן מיר אַ סך וועגן
דעם ייִדישן לעבן און וועגן דער גרויסער
ייִדישער העלדישקייט. וואָס איז אײַער מיינונג
וועגן יאָסעפֿוסן ?


מיטללענדישער ים
גליל
יודפת
שומרון
ירדן
יבנה
ירושלים
יהודה
אדום
ארץ ישראל
אין רוימישע
צייטן

קאַפּיטל 5

# די צײַט פֿון משנה

## רבי עקיבֿא

איינער פֿון די גרעסטע געלערנטע נאָכן חורבן איז געווען דער תּנא רבי עקיבֿא. ער האָט צוזאַמענגענומען די געזעצן וואָס דער סנהדרין האָט געשאַפֿן. ער האָט דערקלערט די געזעצן, אַז ייִדן זאָלן וויסן ווי אַזוי צו זײַן גוט און פֿרום. אַלע ייִדן אין ארץ־ישׂראל האָבן אים געהאַלטן פֿאַר דעם גרעסטן קענער פֿון דער תּורה.

רבי עקיבֿאן איז ניט אָנגעקומען גרינג צו ווערן אַ גרויסער געלערנטער. ווען ער איז געווען יונג, איז ער געווען זייער אָרעם. ער האָט אַפֿילו ניט געקענט לייענען און שרײַבן. ער האָט געאַרבעט בײַ אַ רײַכן ייִדן. ער איז געווען אַ פּאַסטעך פֿון שאָף.

איינמאָל איז רחל, די טאָכטער פֿון זײַן בעל־הבית,

געקומען אין פֿעלד וואו דער יונגער עקיבֿא האָט גע־
פֿאַשעט די שאָף. רחל און עקיבֿא זײַנען גיך געוואָרן
נאָענט. זיי האָבן זיך פֿאַרליבט איינער אין אַנדערן.
עקיבֿא האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט רחלען. רחלס
רײַכער טאַטע האָט ניט געוואָלט, אַז זײַן טאָכטער זאָל
חתונה האָבן מיט אַן אָרעמען און ניט־געלערנטן פּאַסטעך.
רחל האָט אָבער זייער ליב געהאַט עקיבֿאן. האָט זי
געזאָגט אַז זי וועט חתונה האָבן מיט אים, אויב ער וועט
זיך לערנען. עקיבֿא האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט לער־
נען און זיי האָבן חתונה געהאַט.

ווען רחלס טאַטע האָט געהערט אַז זיי האָבן חתונה
געהאַט, האָט ער רחלען אַרויסגעטריבן פֿון הויז. רחל
און עקיבֿא זײַנען געווען זייער אָרעם, אָבער עקיבֿא
האָט געאַרבעט און האָט זיך געלערנט. ווען ער האָט
שוין געקענט אַ ביסל, האָט ער באַשלאָסן אַז ער מוז זיך
ווײַטער לערנען. ער איז אַוועק פֿון רחלען און געווען
אין פֿאַרשיידענע שטעט וואו עס האָבן געוואוינט גע־
לערנטע. ער האָט זיך פֿון אַלעמען געלערנט.

רחל איז דערווײַל געבליבן אַליין. זי האָט ניט
געוואוסט וואו איר מאַן איז. זי איז געווען זייער אָרעם.
איינמאָל האָט זי אַפֿילו געמוזט אָפּשערן און פֿאַרקויפֿן

אירע האָר, כּדי צו האָבּן אויף בּרויט. אַ סך יאָרן האָט רחל געוואַרט אויף איר מאַן. ער איז אָבּער ניט צוריק־געקומען.

איינמאָל האָט רחל געהערט אַ גרויסן טומל אין גאַס. זי איז אַרויס אין גאַס און געפֿרעגט פֿאַרוואָס אַזוי פֿיל מענטשן זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען. מע האָט איר געזאָגט אַז דאָס איז מען אַרויס בּאַגעגענען אַ גרויסן געלערנטן וואָס קומט אין שטעטל. רחל האָט געוואַרט און געוואָלט זען דעם גרויסן געלערנטן. בּאַלד איז אָנ־געקומען דער גרויסער געלערנטער מיט אַ סך תּלמידים. רחל האָט אים גלײַך דערקענט. עס איז געווען עקיבֿא. אין דער מינוט האָט עקיבֿא דערזען רחלען. ער האָט זי גלײַך דערקענט. מאַן און ווײַבּ האָבּן זיך אַרומגענומען. עקיבֿא איז פֿון איר שוין מער ניט אַוועק. רחלס טאַטע האָט געהערט וועגן עקיבֿאס גרויסקייט און ער האָט צוריקגענומען זײַן טאָכטער און איז אַליין געוואָרן אַ תּלמיד פֿון עקיבֿאן.

מיט דער צײַט איז רבּי עקיבֿא געוואָרן דער וויכ־טיקסטער מענטש פֿון סנהדרין און דער פֿירער פֿון פֿאָלק.

פֿאַרליבּט זיך — fell in love

## דער צווייטער אויפֿשטאַנד קעגן רוים

רוים האָט שווער געמאַכט דאָס לעבן פֿון ייִדן. רוים האָט ניט געלאָזט אַז ייִדן זאָלן צוריק אויפֿבויען דעם בית־המקדש אין ירושלים. ווען רבי עקיבֿא איז שוין געווען אַן אַלטער מאַן, איז געקומען אַ נײַער קיניג אין רוים. ער האָט געמאַכט גרעסער די שטײַערן וואָס ייִדן האָבן געדאַרפֿט צאָלן. ער האָט אויך געוואָלט בויען אַ טעמפּל צו דעם הויפּט־גאָט פֿון די רוימער אויפֿן אָרט וואו דער בית־המקדש איז אַמאָל געשטאַנען. ער האָט ניט געלאָזט ייִדן אַרײַנקומען אין ירושלים.

מע האָט מער ניט געקענט אויסהאַלטן פֿון די נײַע צרות. ייִדן האָבן זיך געגרייט צו מאַכן אַן אויפֿשטאַנד קעגן רוים. רבי עקיבֿא און נאָך תּנאים זײַנען אויך געווען פֿאַרן אויפֿשטאַנד. מע האָט געמיינט אַז מע וועט קענען זיגן, ווײַל אין יענער צײַט האָבן נאָך אַנדערע פֿעלקער געמאַכט אויפֿשטאַנדן.

רבי עקיבֿא האָט געפֿונען אַ שיינעם שטאַרקן יונגן מאַן וואָס האָט געהייסן שמעון. ער איז געווען אַ גוטער קריגסמאַן. רבי עקיבֿא האָט אים אַ נאָמען געגעבן בר־כּוכבֿא (זון פֿון אַ שטערן), און אים געהאָלפֿן גרייטן זיך

צו אַ מלחמה מיט רוים. בר־כּוכבֿא איז געגאַנגען איבערן לאַנד און צונויפֿגענומען יונגע מענטשן אין אַן אַרמיי. ער האָט אויך אָנגעגרייט געווער צו פֿירן די מלחמה.



רבּי עקיבֿא און בר־כּוכבֿא

ווען דער רוימישער קיניג האָט אָנגעהויבן בויען דעם טעמפּל פֿאַרן רוימישן גאָט, זײַנען ייִדן אָנגעפֿאַלן אויף די רוימער און זיי פֿאַרטריבן. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפֿשטאַנד. בר־כּוכבֿאס אַרמיי איז געוואָרן גרעסער און שטאַרקער. ביסלעכווײַז האָט ער אײַנגענומען גאַנץ ארץ־ישׂראל. צוויי יאָר האָט בר־כּוכבֿא גע־

פּירט דאָס לאַנד. ער איז געווען זייער אַ שטרענגער. די רוימער האָבן אַרײַנגעשיקט אַ גרויסע אַרמיי. ביסלעכ־ווײַז האָבן די רוימער אײַנגענומען אַלע שטעט. בר־כּוכבֿאס אַרמיי איז געוואָרן קלענער און שוואַכער.

די לעצטע שטאָט וואו בר־כּוכבֿא איז געווען האָט געהייסן בּיתר. זי איז געווען זייער שטאַרק באַפעסטיקט. די רוימישע אַרמיי האָט אַרומגערינגלט בּיתר. בר־כּוכבֿאס סאָלדאַטן האָבן זיך העלדיש געשלאָגן, אָבער די רוימער האָבן דורכגעבראָכן די ווענט און אַרײַן אין בּיתר. זיי האָבן אויסגעהרגעט אַלע ייִדן. מיט זיי איז אויך גע־שטאָרבן דער גרויסער העלד בר־כּוכבֿא.

## נאָך דעם אויפשטאַנד

נאָך דעם לעצטן ייִדישן אויפשטאַנד האָבן די רוימער גענומען נאָך מער דריקן די ייִדן. זיי האָבן אַרויסגעגעבן געזעצן אַז ייִדן טאָרן ניט לערנען די תּורה, ייִדן טאָרן ניט אָפּהיטן שבת, ייִדן טאָרן ניט קומען קיין ירושלים.

אַ סך ייִדן האָט מען אַוועקגעפירט קיין רוים ווי געפאַנגענע. ייִדן זײַנען אַליין אַנטלאָפן קיין בבֿל. אָבער די ייִדן וואָס זײַנען געבליבן אין לאַנד האָבן אויך ניט אויסגעפאָלגט די שלעכטע געזעצן.

דער אַלטער רבּי עקיבֿא האָט ווײַטער געלערנט די תּורה. די רוימער האָבן אים אַרײַנגעזעצט אין תּפֿיסה. מע האָט אים געפּײַניקט און געטייט. רבּי עקיבֿא איז געשטאָרבן מיט די ווערטער: שמע ישׂראל — הער, ישׂראל, אונדזער גאָט איז איינער!

די רוימער האָבן געפּײַניקט און געטייט נאָך גרויסע ייִדישע געלערנטע וואָס האָבן ניט אויסגעפֿאָלגט זייערע געזעצן. מע רופֿט זיי עשׂרה הרוגי־מלכות, די צען אויס־געהרגעטע פֿון דעם קיניג. צווישן זיי איז געווען אַן אַלטער לערער. ער האָט געהיים אַרויסגעפֿירט זײַנע תּלמידים אין די בערג און דאָרטן דורכגעפֿירט די צערע־מאָניע פֿון געבן זיי רעכט צו זײַן לערערס און פֿירערס. ווען מע האָט געזען אַז רוימער קומען אָן, האָט דער אַלטער לערער זיי געהייסן אַנטלויפֿן. ער איז געבליבן און געוואַרט אויף די רוימער כּדי די תּלמידים זאָלן האָבן צײַט צו אַנטלויפֿן. די רוימער האָבן אים געכאַפּט און געטייט מיט זייערע שפּיזן.

עס איז געווען זייער אַ שלעכטע צײַט אין ארץ־ישׂראל.

## 13 יאָר אין אַ הייל

אײנער פֿון רבי עקיבֿאס תּלמידים איז געווען רבי שמעון בן יוחאי. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די רוימער זוכן אים, האָט ער צוזאַמען מיט זײַן זון זיך באַהאַלטן אין אַ הייל. אין דער הייל האָט ער געלעבט 13 יאָר. לעבן הייל איז געווען אַ קוואַל וואַסער און עס זײַנען געוואַקסן טייטלביימער. מיט דעם האָט רבי שמעון זיך געשפּײַזט. ער האָט די גאַנצע צײַט געלערנט מיט זײַן זון און האָט געשריבן דערקלערונגען צו דער תּורה.

איין מאָל אין יאָר פֿלעגן די תּלמידים קומען צו אים. דאָס איז געווען ל״ג בעומר. די תּלמידים האָבן מיט־גענומען פֿײַל־און־בויגנס. ווען די רוימער האָבן זיי געטראָפֿן, האָבן זיי געזאָגט: מיר גייען שיסן חיות. אָבער זיי זײַנען געקומען צו רבי שמעונען אין הייל און האָבן געהערט פֿון אים רייד פֿון תּורה. פֿון דעמאָלט איז גע־בליבן אַ מינהג בײַ ייִדישע קינדער צו גיין ל״ג בעומר אין פֿעלד מיט פֿײַל־און־בויגנס אין די הענט.

געשפּײַזט — fed

## צײַטן בײַטן זיך

עטלעכע יאָר האָבן ייִדן געלעבט אונטער די שלעכטע געזעצן פֿון רוים. דערנאָך איז געקומען

אַ נײַער קיניג אין רוים און ער האָט אָפּגעשאַפֿט אַ סך פֿון די שלעכטע געזעצן. בלויז איין געזעץ איז נאָך געבליבן: ייִדן האָבן ניט געטאָרט אַרײַנקומען אין ירושלים. די רוימער האָבן נאָך אַלץ גענומען גרויסע שטײַערן, אָבער עס איז איצט געווען מעגלעך צו לעבן אַ ביסל פֿרײַער.

אין די שלעכטע צײַטן זײַנען ייִדן געבליבן ייִדן. מע האָט ווײַטער געלערנט די תּורה און אָפּגעהיט שבת. ווען מע האָט אָפּגעשאַפֿט די שלעכטע געזעצן, האָבן ייִדן געקענט פֿרײַ און אָפֿן לערנען תּורה און אָפּהיטן די ייִדישע דינים. דער צענטער פֿון ייִדישן לעבן איז איצט געוואָרן גליל. דאָרט זײַנען געקומען די ייִדישע געלערנטע וואָס זײַנען געבליבן לעבן נאָך דער מלחמה מיט רוים. עטלעכע תּלמידים פֿון רבי עקיבֿא זײַנען צוריק־געקומען פֿון בבֿל. מע האָט ווידער געעפֿנט ישיבֿות און ווידער אָנגעהויבן לערנען די תּורה.

## רבי מאיר

איינער פֿון רבי עקיבֿאס תּלמידים, וואָס איז צוריק־געקומען פֿון בבֿל, האָט געהייסן מאיר. ער איז געווען דער גרעסטער געלערנטער צווישן די תּלמידים פֿון

רבי עקיבא. רבי מאיר איז געווען זייער קלוג. ער האָט געקענט זייער שיין שרײַבן און ער האָט געלעבט פֿון איבערשרײַבן ספֿר־תּורות. ער האָט אויך דערציילט אַ סך שיינע מעשׂיות. וועגן אים דערציילט מען, אַז ער האָט אַלץ געדענקט אויף אויסווייניק. איינמאָל איז ער געקומען אין אַ שטעטל, ווען עס איז געווען פּורים. ייִדן האָבן געוואָלט הערן די מעשׂה פֿון פּורים, אָבער מע האָט זי ניט געקענט לייענען, ווײַל מע האָט ניט געהאַט די מגילה. רבי מאיר האָט אָבער געדענקט די גאַנצע מגילה אויף אויסווייניק. ער האָט זי געזאָגט און ייִדן האָבן געקענט פֿײַערן דעם יום־טובֿ.

רבי מאיר האָט געהאַט זייער אַ גוטע און אַ קלוגע פֿרוי. זי האָט געהייסן ברוריה. וועגן איר דערציילט מען אַזאַ מעשׂה: ברוריה און רבי מאיר האָבן געהאַט צוויי זין. רבי מאיר האָט זייער ליב געהאַט זײַנע קינדער. איינמאָל זײַנען די קינדער קראַנק געוואָרן. עס איז געווען שבת און רבי מאיר איז אַוועק אין שול דאַווענען. ברוריה איז אַרײַנגעגאַנגען אין דעם צימער וואו די קינדער זײַנען געווען און זי האָט געזען אַז די קינדער זײַנען טויט. ווען רבי מאיר איז צוריקגעקומען, האָט אים ברוריה גאָרניט

געזאָגט, ווײַל זי האָט ניט געוואָלט פֿאַרשטערן זײַן שבת.
ווען עס איז געוואָרן פֿינצטער, האָט ברוריה געזאָגט
צו איר מאַן: „וואָס וואָלסטו געטאָן אויב עמעצער וואָלט
דיר איבערגעלאָזט אַ גרויסן אוצר און דערנאָך געקומען
אָפּנעמען דעם אוצר?" רבי מאיר האָט געענטפֿערט: —
„איך וואָלט עס אים גלײַך אָפּגעגעבן". ברוריה האָט אים
אַרײַנגעפֿירט אין דעם צימער וואו די קינדער זײַנען
געלעגן טויטע און געזאָגט: — „אַזוי האָט גאָט געטאָן
מיט אונדז; ער האָט אונדז געלאָזט האַלטן אונדזער
אוצר, די קינדער, און איצט האָט ער זיי אָפּגענומען".
מאיר און ברוריה האָבן ביידע געוויינט.

רבי מאיר האָט אַ סך געלערנט. ער האָט צוזאַמענ־
גענומען די קלוגע רייד פֿון גרויסע געלערנטע, די גוטע
געזעצן וואָס הילל און אַנדערע האָבן געמאַכט און זײַנען
ניט געווען פֿאַרשריבן. ער אַליין האָט אויך געזאָגט
קלוגע רייד. ער האָט למשל געזאָגט — „ווען דו ביסט
אין רוים, טו ווי די רוימער טוען".

| | |
|---|---|
| by heart | אויסווייניק |
| to spoil | פֿאַרשטערן |
| treasure | אוצר |

## רבּי יהודה הנשׂיא

ווען די רוימער האָבן אָפּגעשאַפט די שלעכטע געזעצן, האָבן די געלערנטע צוריק אײַנגעשטעלט דעם סנהדרין. דער פירער פון סנהדרין איז ווידער געוואָרן דער פירער פון יידן. מע האָט אים גערופן נשׂיא. די נשׂיאים זיינען געווען אייניקלעך און אוראייניקלעך פון דעם גרויסן הילל. דער צווייטער נשׂיא נאָכן אויפשטאַנד קעגן רוים איז געווען רבּי יהודה הנשׂיא. רבּי יהודה איז געווען זייער רײַך און ער האָט אויסגעהאַלטן אַ סך תּלמידים. ער האָט געוואָלט צוזאַמענעמען די אַלע דינים וואָס זײַנען ניט פאַרשריבן אין דער תּורה אין זעקס גרויסע ביכער, די געלערנטע זאָלן איצט מער ניט דאַרפן געדענקען אויף אויסווייניק. ער האָט געבעטן די געלערנטע פון סנהדרין זיי זאָלן פאַרשרײַבן אַלע דינים און קלוגע רייד וואָס זיי האָבן געהערט פון זייערע לערערס. אַזוי האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרשרײַבן די תּורה שבּעל־פּה פון אַלע צײַטן זינט עזרא הסופר.

אַזוי ווי אַלע אַנדערע גרויסע יידישע געלערנטע, האָט רבּי יהודה הנשׂיא געוואָלט אַז יידן זאָלן קענען לעבן ווי יידן. אַזוי ווי דאָס לעבן האָט זיך געביטן, האָט

מען אויך ייִדישע דינים געדאַרפֿט בײַטן. אין יהודהס צײַט האָבן רוימער גענומען אַ סך שטײַערן. לויט דער תּורה האָבן ייִדן ניט געטאָרט פֿלאַנצן קיין תּבֿואה דאָס זיבעטע יאָר. די ייִדן האָבן געדאַרפֿט צאָלן די רוימער אין דעם יאָר ווען זיי האָבן קיין תּבֿואה ניט געהאַט. האָט יהודה געמאַכט אַ נײַ געזעץ, אַז מע מעג יאָ פֿלאַנצן תּבֿואה אין זיבעטן יאָר, כּדי צו קענען צאָלן די רוימער. אַזוי האָט ער אויך געטאָן מיט אַנדערע געזעצן.

רבי יהודה האָט געהאַט אַ סך תּלמידים. ער האָט געגעבן די אָרעמע תּלמידים געלט, זיי זאָלן זיך קענען לערנען. ער האָט געוואָלט אַז ארץ־ישׂראל זאָל בלײַבן דער גרויסער ייִדישער צענטער וואָס עס איז אַמאָל געווען.

| | |
|---|---|
| אײַנגעשטעלט | established |
| אויסהאַלטן | to support |
| תּורה שבעל־פּה | oral law |
| דין, דינים | religious law, laws |
| פֿלאַנצן | to plant |

## די משנה

רבי יהודה און די געלערנטע האָבן צוזאַמענ־גענומען אַלע דינים און האָבן זיי אײַנגעטיילט אין גרופּעס.

אויב אַ געלערנטער האָט געהאַט איין מיינונג און אַ צווייטער אַן אַנדער מיינונג — האָט מען די ווערטער פֿון די ביידע געלערנטע אַרײַנגעשריבן. די געלערנטע, וואָס זייערע קלוגע רייד האָט מען אויפֿגעזאַמלט, זײַנען די תּנאים. דאָס בוך מיט געזעצן, מיט מיינונגען און פֿראַגעס אַרום זיי און די קלוגע רייד פֿון די תּנאים רופֿט מען משנה.

די משנה האָט זעקס באַזונדערע טיילן:

1. אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט ערדאַרבעט און אַלע געבעטן צו גאָט;
2. אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט שבת און יום־טובֿ;
3. אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיטן לעבן פֿון דער משפּחה;
4. אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט טאָן שלעכטס אַ צווייטן (אין דעם טייל גייען אויך אַרײַן פּרקי אָבֿות, די קלוגע רייד פֿון די געלערנטע);
5. אַלץ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיטן בית־המקדש;
6. אַלץ וועגן ריינקייט.

די משנה האָט מען געשאַפֿן פֿאַר געלערנטע, זיי זאָלן קענען לערנען און לערנען אַנדערע. מיט דער צײַט איז די משנה געוואָרן דאָס געזעץ־בוך פֿאַר אַלע ייִדן.

אָט זײַנען עטלעכע קלוגע רייד פֿון די תּנאים:

די וועלט שטייט אויף דרײַ זאַכן: תּורה, דינען גאָט און העלפֿן איינער דעם צווייטן.

ווער איז קלוג? דער וואָס לערנט זיך פֿון אַלעמען.

ווער איז שטאַרק? דער וואָס קען באַזיגן זײַן אייגענעם שלעכטן ווילן.

ווער איז רײַך? דער וואָס איז צופֿרידן מיט דעם וואָס ער האָט.

ווער האָט כּבֿוד? דער וואָס גיט אָפּ כּבֿוד אַ צווייטן.

| | |
|---|---|
| prayers | געבעטן |
| divided, separted | אײַנגעטיילט |
| collected | אײפֿגעזאַמלט |
| cleanliness, purity | ריינקייט |



מע לערנט די משנה

## ארץ־ישׂראל הערט אויף צו זײַן דער ייִדישער צענטער

רבי יהודה הנשׂיא איז געשטאָרבן. זײַנע תּלמידים האָבן פֿאַרענדיקט די משנה. נאָך אים זײַנען אַנדערע געווען פֿירערס פֿון ייִדן אין ארץ־ישׂראל. דאָס לעבן איז אָבער געוואָרן שווערער און שווערער. די רוימער האָבן שוין פֿון לאַנג אַרײַנגעבראַכט קיין ארץ־ישׂראל ניט־ייִדן. די ניט־ייִדן האָבן פֿײַנט געהאַט די ייִדן. זיי האָבן

געשטערט די ייִדן און שווער געמאַכט זייער לעבן. אין יענע יאָרן האָט זיך אויך שטאַרק פֿאַרשפּרייט דער קריסט־לעכער גלויבן. די קריסטן האָבן ניט ליב געהאַט די ייִדן. אַפֿילו דער קיניג פֿון רוים איז געוואָרן אַ קריסט, און דאָס אַלץ האָט געפֿירט צו דעם, אַז דאָס ייִדישע לעבן אין ארץ־ישׂראל זאָל ווערן שוואַכער און ערגער. אַ סך ייִדן זײַנען אַוועק אין אַנדערע לענדער. עס זײַנען פֿאַר־בליבן זייער ווייניק ייִדן אין ארץ־ישׂראל. אַזוי האָט זיך געענדיקט די צײַט, ווען ייִדן האָבן געלעבט אין זייער אייגן לאַנד. שפּעטער האָבן ייִדן געלעבט אין אַ סך לענדער. זיי זײַנען אָבער פֿאַרבליבן ייִדן. זיי האָבן געהאַט מיט זיך דעם תּנך און די משנה.

לאָמיר איצט זען ווי אַזוי האָבן ייִדן געלעבט אין אַנדערע לענדער.

## פֿראַגעס

1. פֿאַרוואָס האָבן ייִדן געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד קעגן רוים?

2. פֿאַרוואָס האָט רבי עקיבֿא אויסגעקליבן בר־כּוכבֿאן צו זײַן דער פֿירער פֿון אויפֿשטאַנד?

3. וואָס זײַנען געווען די שלעכטע געזעצן וואָס רוים האָט געמאַכט נאָכן אויפֿשטאַנד ?

4. וואָס האָט רבי מאיר געזאָגט און געלערנט ?

5. וואָס איז געווען רבי יהודה הנשיאס גרויסער אויפֿטו ?

6. וואָס איז די משנה ?

7. פֿאַרוואָס איז אונטערגעגאַנגען דער ייִדישער צענטער אין ארץ־ישׂראל ?

## טראַכט וועגן דעם

1. רבי יהודה הנשׂיא און אַנדערע געלערנטע האָבן צוגעפּאַסט די ייִדישע דינים צו דער נײַער צײַט. די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָבן אַ קאָנסטיטוציע וואָס איז כּמעט צוויי הונדערט יאָר אַלט. האָט מען זי געביטן כּדי צוצופּאַסן זי צו די נײַע צײַטן ? דאַרף מען טאָן אַזוי ?

2. ייִדן האָבן געהאַט אַ צענטער אין ארץ־ישׂראל. אַ סך ייִדן האָבן אָבער געלעבט אין אַנדערע לענדער. ווי איז הײַנט ? קענען ייִדן בלײַבן ייִדן ווען זיי לעבן ניט אין זייער אייגן לאַנד ?

וואו יידן האָבן געלעבט נאָכן צווייטן חורבן

קאַספּישער ים
שוואַרצער ים
איטאַליע
רוים
מיטללענדישער ים
פומבדיתא
בבל
סיריע
סורא
ירושלים
ארץ ישראל
אַלעקסאַנדריע
מצרים
אַראַביע
מעדינע
מעקאַ
תימן

קאַפּיטל 6

# ייִדן אין בבל

## דאָס ייִדישע לעבן אין בבל

איר ווייסט שוין אַז ניט אַלע ייִדן האָבן גע־לעבט אין ארץ־ישׂראל. איר געדענקט אויך אַז נאָכן חורבן פֿון ערשטן בית־המקדש האָבן ייִדן געלעבט אין בבֿל. איר געדענקט אויך, אַז ווען ייִדן זײַנען צוריקגעקומען אין ארץ־ישׂראל, זײַנען אַ סך געבליבן אין בבֿל. אין דער צײַט פֿון דעם אויפֿשטאַנד קעגן רוים האָבן שוין ייִדן געלעבט אין בבֿל זיבן הונדערט יאָר. בבֿל איז קיינמאָל ניט געווען אַ טייל פֿון דער רוימישער אימפּעריע. די קיניגן פֿון פּערסיע האָבן געהערשט אין בבֿל.

די ייִדן איז ניט געווען שלעכט אין בבֿל. די קיניגן האָבן געלאָזט ייִדן לעבן ווי זיי ווילן. ייִדן האָבן נאָר גע־דאַרפֿט צאָלן שטײַערן דעם פּערסישן קיניג און פֿאָלגן זײַנע געזעצן, אָבער זיי האָבן געקענט שיקן געלט קיין

ירושלים און זײַן גוטע און פֿרומע ייִדן. די ייִדן פֿון בבֿל האָבן געהאַט זייער אייגענעם פֿירער. דער פֿירער האָט געהייסן נשׂיא. דער נשׂיא האָט אײַנגעמאָנט שטײַערן, באַשטימט ריכטערס און איז געווען דער ייִדישער הערשער אונטער דעם פּערסישן קיניג. ייִדן אין בבֿל האָבן געלעבט פֿון ערדאַרבעט, זײַנען געווען בעלי־מלאכות און געפֿירט האַנדל.

אין די צײַטן פֿון צווייטן בית־המקדש און שפּעטער אין די צײַטן פֿון יהודה הנשׂיא זײַנען אין בבֿל ניט געווען קיין גרויסע געלערנטע. ייִדן אין בבֿל האָבן געפֿאָלגט די געזעצן פֿון די געלערנטע אין ארץ־ישׂראל. יונגע מענטשן פֿון בבֿל זײַנען געקומען אין די ישיבֿות פֿון ארץ־ישׂראל לערנען תּורה בײַ די תּנאים. דערנאָך פֿלעגן זיי צוריקקומען קיין בבֿל.

| | |
|---|---|
| געמישט | mixed into |
| אײַנגעמאָנט | collected |
| באַשטימט | appointed |

## רבֿ און שמואל

צווישן די תּלמידים פֿון רבי יהודה הנשׂיא זײַנען געווען צוויי יונגע געלערנטע וואָס זײַנען צוריק־געקומען אין בבֿל. זיי האָבן געטראַכט אַז עס וואָלט

געווען גוט צו האָבן ישיבֿות אין בבֿל כּדי יונגע מענטשן זאָלן קענען לערנען תּורה. איינער פֿון די תּלמידים האָט געהייסן שמואל און דער אַנדערער אבא. אבא איז געווען זייער אַ הויכער, האָט מען אים גערופֿן אבא דער לאַנגער. אבא האָט גוט געקענט די משנה און האָט גוט געקענט לערנען אַנדערע. מע האָט אים גערופֿן רבֿ, וואָס מיינט לערער. שמואל האָט אויך גוט געקענט די משנה. ער איז אויך געווען אַן אַסטראָנאָם און אַ מאַטעמאַטיקער.

רבֿ איז אַוועק אין דער שטאָט סורא וואו עס האָבן געלעבט אַ סך ייִדן. צו אים זײַנען געקומען תּלמידים און ער האָט מיט זיי געלערנט. אין אַ קורצער צײַט איז ער געוואָרן באַרימט ווי אַ גרויסער געלערנטער. ער האָט געהאַט אַ סך תּלמידים אין זײַן גרויסער ישיבֿה אין סורא. שמואל איז אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט און דאָרט געוואָרן דער פֿירער פֿון אַ ישיבֿה.

פֿריִער האָבן רבֿ און שמואל געלערנט די משנה, אָבער ביסלעכווײַז האָבן זיי אָנגעהויבן צוגעבן זייערע געדאַנקען און נײַע דערקלערונגען. ווען דאָס ייִדישע לעבן אין ארץ־ישׂראל איז געוואָרן שוואַך און אָרעם, זײַנען די ישיבֿות אין בבֿל געוואָרן זייער וויכטיקע נײַע צענטערס פֿון לערנען.

# דער תּלמוד

רבֿ און שמואל האָבן געהאַט אַ סך תּלמידים. נאָך זייער טויט זײַנען אַנדערע געוואָרן די פֿירערס פֿון די ישיבֿות. די גרעסטע ישיבֿות זײַנען געווען אין סורא און אין פּומבדיתא. דאָרט האָט מען געלערנט די משנה און די רייד פֿון די גרויסע געלערנטע וועגן די דינים פֿון דער משנה.

עס זײַנען געווען גרויסע געלערנטע אויך נאָך רבֿ און שמואל. צווישן זיי האָבן באַקומען אַ גרויסן נאָמען די צוויי פֿרײַנד אַבײי און רבֿא. זייערע תּלמידים האָבן פֿאַרשריבן די מיינונגען פֿון דיביידע לערערס און די דיסקוסיעס וואָס זיי האָבן געפֿירט.

אין די ישיבֿות האָבן זיך געלערנט ניט נאָר יונגע מענטשן. אַ סך עלטערע ייִדן האָבן זיך אויך געוואָלט לערנען. דעריבער האָט מען באַשטימט דעם חודש פֿאַר ראש־השנה און דעם חודש פֿאַר פּסח ווי אַ צײַט ווען אַלע וואָס ווילן זאָלן קענען הערן לעקציעס פֿון די גרויסע געלערנטע. מע האָט כּסדר געלערנט די ייִדישע דינים און זיי צוגעפּאַסט צו דער נײַער צײַט. אַ דאַנק דעם האָבן ייִדן געקענט בלײַבן אַ פֿאָלק.

דרײַ הונדערט יאָר האָבן די געלערנטע אין בבֿל געלערנט און שטודירט די דינים פֿון דער תּורה און פֿון דער משנה. עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ נײַע תּורה שבבעל־פּה. עס איז געקומען אַ צײַט, ווען מע האָט ניט געקענט געדענקען אַלץ וואָס מע האָט געלערנט. מע האָט גע־דאַרפֿט פֿאַרשרײַבן די אַלע קלוגע רייד. רבֿ אַשי, איינער פֿון די פֿירערס פֿון דער ישיבֿה אין סורא, האָט אָנגעהויבן די אַרבעט. נאָך רבֿ אַשין זײַנען געקומען אַנדערע גע־לערנטע און אויך פֿאַרשריבן זייערע רייד. אַזוי איז גע־שאַפֿן געוואָרן די גמרא.

די משנה האָט דערקלערט די דינים פֿון דער תּורה, און די גמרא האָט דערקלערט די דינים פֿון דער משנה. די גמרא איז אַ סך גרעסער ווי די משנה, ווײַל די גמרא גיט איבער ווי די געלערנטע האָבן געפֿירט צווישן זיך דעבאַטעס. אַרום איין קורצן זאַץ אין משנה קענען זײַן עטלעכע בלעטער גמרא. די משנה איז געשריבן אויף העברעאיש און די גמרא אויף אַראַמיש. די וואָס האָבן געשאַפֿן די משנה הייסן, ווי מיר ווייסן שוין, תּנאים. די וואָס האָבן געשאַפֿן די גמרא הייסן אַמוראים. דער טיטל פֿאַר אַ תּנא איז רבי און פֿאַר אַן אַמורא איז רבֿ. די משנה און די גמרא אינאיינעם איז דער תּלמוד. אַלע דינים

אינאיינעם וואָס לערנען ייִדן ווי צו לעבן רופֿט מען הלכה.

60 אלו מציאות פרק שני בבא מציעא

לא יהיה בך אביון שלך קודם לשל כל אדם. אלא זקן ואינו לפי כבודו. אמר רבה התכישה חייב. בת אביי הוה יתיב קמיה דרבה חזא להנך עיזי דקיימי שקל קלא ושדא בהו. א"ל אחייבת בהו קום אהדרינהו. איבעיא להו היכא דאורחיה לאהדורי בשדה ואין דרכו להחזיר בעיר מהו מי אמרינן חשבה מעליא בעינן וכיון דלאו אורחיה לאהדורי בעיר לא לחייב או דלמא בשדה מיהת הא דאורחיה ליה וכיון דאיחייב ליה בשדה איחייב ליה בעיר תיקו. אמר רבא כל שבשלו מחזיר בשל חבירו נמי מחזיר וכל שבשלו פורק וטוען בשל חבירו נמי פורק וטוען. רבי ישמעאל ברבי יוסי הוה קאזיל באורחא פגע ביה ההוא גברא הוה דרי פיתכא דאופי אותבינהו וקא מיתפח. א"ל דלי לי. א"ל כמה שוין. א"ל פלגא דזוזא. יהיב ליה פלגא דזוזא ואפקרה. הדר זכה בהו. הדר יהיב ליה פלגא דזוזא ואפקרה. חזייה דהוה קא בעי למיהדר למזכינהו א"ל לכולי עלמא אפקרינהו ולך לא אפקרינהו. ומי הוי הפקר כי האי גוונא והתנן ב"ש אומרים הפקר לעניים הפקר ובה"א אינו הפקר עד שיהא הפקר לעניים ולעשירים כשמיטה. אלא רבי ישמעאל ברבי יוסי לכולי עלמא אפקרינהו ובמילתא בעלמא הוא דאוקמיה. והא רבי ישמעאל ברבי יוסי זקן ואינו לפי כבודו הוה. ר' ישמעאל ברבי יוסי לפנים משורת הדין הוא דעבד. דתני רב יוסף והודעת להם זה בית חייהם את הדרך זו גמילות חסדים אשר ילכו זו ביקור חולים בה זו קבורה ואת המעשה זה הדין אשר יעשון זו לפנים משורת הדין. אמר מר (אשר) ילכו זה ביקור חולים היינו גמילות חסדים לא נצרכה אלא לבן גילו דאמר מר בן גילו נוטל אחד מששים בחליו ואפי' הכי מבעי ליה למיזל לגביה. בה זו קבורה היינו גמילות חסדים לא נצרכה אלא לזקן ואינו לפי כבודו. אשר יעשון זו לפנים משורת הדין דאמר ר' יוחנן לא חרבה ירושלים אלא על שדנו בה דין תורה. אלא דיני דמגיזתא לדיינו. אלא אימא שהעמידו דיניהם על דין תורה ולא עבדו לפנים משורת הדין:

מתני' איזו היא אבידה מצא חמור או פרה רועין בדרך אין זו אבידה. חמור וכליו הפוכין פרה רצה בין הכרמים הרי זו אבידה. החזירה וברחה החזירה וברחה אפי' ארבעה וחמשה פעמים חייב להחזירה שנאמר השב תשיבם. היה בטל מסלע לא יאמר לו תן לי סלע אלא נותן לו שכרו כפועל. אם יש שם בית דין מתנה בפני ב"ד אם אין שם ב"ד בפני מי יתנה שלו קודם:

גמ' אטו כל הני דאמרינן לאו אבידה הוו. אמר רב יהודה הכי קאמר איזו היא כלל אבידה שהוא חייב בה מצא חמור ופרה רועין בדרך אין זו אבידה ולא מיחייב בה. חמור וכליו הפוכים פרה ורצה בין הכרמים הרי זו אבידה ומיחייב בה. ולעולם אמר רב יהודה אמר רב עד שלשה ימים והני מילי בלילותא אבל ביממא אפי' טובא נמי לא. לא צריכא דחזיה דהוה חזי לה בקריצתא ובחשכתא תלתא יומי אמרינן אתרמויי אתרמי לה ונפקא מפי הא אבידה היא. תניא נמי הכי מצא טלית וקרדום באסרטא.

א זײַט פֿון תּלמוד

אין תלמוד זײַנען דאָ ניט בלויז דינים. אַלץ וואָס מע האָט געוואוסט אין יענער צײַט וועגן מעדיצין און אַנדערע וויסנשאַפֿטן קען מען געפֿינען אין תלמוד. דאָרטן געפֿינט מען אויך שיינע שפּריכווערטער פֿון פֿאָלק און מיינונגען פֿון אַמוראים וועגן פֿאַרשיידענע זאַכן. עס זײַנען אויך דאָ אַ סך מעשׂות וועגן די גרויסע געלערנטע וואָס האָבן געשאַפֿן דעם תלמוד. עס זײַנען אויך דאָ מעשׂות וועגן די אָבֿות, וועגן משה רבינו, וועגן די ייִדישע קיניגן און וועגן אַלע העלדן פֿון דער ייִדישער געשיכטע. די מעשׂות רופֿט מען אַ ג ד ה. מיר האָבן שוין געלערנט שיינע מעשׂות וועגן הילל, רבי עקיבֿא און רבי יהודה הנשׂיא. די אַלע מעשׂות געפֿינען זיך אין תלמוד. אין תלמוד זײַנען דאָ אַ סך מעשׂות וואָס ווײַזן ווי גוט און קלוג עס זײַנען די ייִדישע דינים.

דער תלמוד איז אַ ים מיט וויסן. ייִדן האָבן אַלע מאָל געלערנט דעם תלמוד. אויך הײַנט לערנען אַ סך ייִדן דעם תלמוד. אויך הײַנט זײַנען דאָ אַ סך ייִדן וואָס לעבן לויט די דינים פֿון תלמוד. אין אַלע צײַטן האָט דער תלמוד געהאָלפֿן אַז ייִדן זאָלן בלײַבן לעבן ווי אַ פֿ אָ ל ק.

| | |
|---|---|
| בלעטער | pages |
| שפּריכווערטער | proverbs |
| וויסן | knowledge |

# מוחמד און די ייִדן

מע האָט געענדיקט פֿאַרשרײַבן דעם תּלמוד אין אָנהייב פֿון זעקסטן יאָרהונדערט. עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַ שלעכטע צײַט פֿאַר ייִדן אין בבֿל. די פּער־סישע קיניגן האָבן שטאַרק געדריקט די ייִדן. דאָס לעבן אין בבֿל איז געוואָרן שווערער, און דאָס לערנען אין די ישיבֿות איז געוואָרן שוואַכער.

איר ווייסט שוין אַז ייִדן אין יענער צײַט האָבן ניט בלויז געלעבט אין בבֿל. עס זײַנען געווען ייִדן אין סיריע, אין רוים און אין מצרים. עס זײַנען אויך געווען ייִדן אין אַראַביע. זיי האָבן געהאַנדלט, געפּיטערט שאָף און געווען ערדאַרבעטערס. די אַראַבער האָבן ניט געגלייבט אין איין גאָט. עס זײַנען געווען אַ סך אַראַבישע שבֿטים און יעדער שבֿט האָט געהאַט זײַנע געטער.

אין זיבעטן יאָרהונדערט האָט זיך דאָס לעבן פֿון די אַראַבער געביטן. איין מענטש האָט עס אויפֿגעטאָן. דער מענטש האָט געהייסן מוחמד.

מוחמד איז געווען אַ קעמל־טרײַבער פֿון דער אַראַ־בישער שטאָט מעקאַ. ער איז אַרומגעפֿאָרן מיט קאַראַוואַנען אין אַ סך שטעט און לענדער. ווען ער איז געקומען אין

אַ פֿרעמדער שטאָט, האָט ער דאָרט געזען ייִדן. אין אַנדערע שטעט האָט ער געזען קריסטן. מוחמד האָט געזען ווי זיי אַלע דינען איין גאָט. ער האָט געטראַכט, אַז עס איז ניט גוט צו דינען אַ סך געטער. מע דאַרף דינען איין גאָט.

מוחמד איז געקומען אין זײַן אייגענער שטאָט מעקאַ און גערעדט צו די מענטשן: — „דאָ אין מעקאַ דינט איר אַ שוואַרצן שטיין און דאָס איז אײַער גאָט. דער שטיין איז ניט קיין גאָט. עס איז בלויז דאָ איין גאָט. אים דאַרפֿט איר דינען". די מענטשן פֿון מעקאַ זײַנען געוואָרן אין כּעס. מע האָט אַרויסגעטריבן מוחמדן פֿון מעקאַ.

מוחמד איז אַנטלאָפֿן. ער איז געקומען אין דער שטאָט מעדינאַ וואו עס האָבן געוואוינט אַ סך ייִדן. די ייִדן זײַנען געווען גוט צו אים. מע האָט אים געגעבן עסן און אַן אָרט צו וואוינען און מע האָט אים געלערנט וועגן דעם ייִדישן גלויבן. מוחמד איז געווען זייער צופֿרידן. ער האָט געלערנט דעם תּנך און זײַן גלויבן אין איין גאָט איז געוואָרן שטאַרקער. ער האָט אָבער ניט געוואָלט אויספֿאָלגן אַלע ייִדישע דינים. האָט ער געשאַפֿן אַ נײַעם

גלויבן. ער האָט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן אָננעמען זײַן גלויבן. ווען ייִדן האָבן אים ניט געוואָלט פֿאָלגן, איז ער געוואָרן אויף זיי אין כּעס. ער איז צוריק אַוועק אין מעקאַ און געזאָגט צו די מענטשן: — „אויב איר וועט גלייבן אין איין גאָט וואָס הייסט אַלאַ און טאָן וואָס איך הייס, וועל איך אַלעמען זאָגן, אַז דער שוואַרצער שטיין איז אַ הייליקער שטיין און אַז מעקאַ איז אַ הייליקע שטאָט. אַ סך מענטשן וועלן קומען אין מעקאַ דינען גאָט און איר וועט מאַכן גוטע געשעפֿטן". די מענטשן פֿון מעקאַ האָבן צוגעזאָגט אַז זיי וועלן פֿאָלגן מוחמדן. ער איז געוואָרן דער פֿירער פֿון דער שטאָט מעקאַ.

| | |
|---|---|
| יאָרהונדערט | century |

## די נײַע רעליגיע פֿאַרשפּרייט זיך

די אַראַבער האָבן גענומען גלייבן אַז מוחמד איז אַ נבֿיא. ער האָט זיי געזאָגט אַז עס איז דאָ אַ גן־עדן, און יעדערער וואָס גלייבט אין אַלאַ און אין אים וועט לעבן נאָכן טויט. ער האָט זיי געלערנט אַז עס איז גוט צו שטאַרבן אין אַ מלחמה פֿאַר אַלאַ. אַ סך אַראַבער זײַנען געקומען צו אים. ער האָט געשאַפֿן אַ שטאַרקע אַרמיי. ער איז אָנגעפֿאַלן אויף אַנדערע אַראַבער און זיי געצוואונ־

גען אָנצונעמען זײַן גלויבן. מער און מער אַראַבער זײַנען געוואָרן מוחמדאַנער.

מוחמד האָט פֿײַנט געקריגן די ייִדן, ווײַל זיי האָבן ניט געגלייבט אַז ער איז אַ נבֿיא. מיט זײַן אַרמיי איז ער אָנגעפֿאַלן אויף די ייִדן און אַ סך פֿון זיי געטייט.

נאָך מוחמדס טויט זײַנען די אַראַבער געוואָרן שטאַרקער. די מוחמדאַנער האָבן אָנגעהויבן פֿירן מלחמות מיט אַנדערע לענדער. זיי האָבן אײַנגענומען פּערסיע, סיריע, ארץ־ישׂראל און מצרים. וואו זיי זײַנען געקומען, האָבן זיי געצוואונגען די מענטשן צו ווערן מוחמדאַנער. זיי האָבן געשאַפֿן אַ גרויסע אימפּעריע.

ווען די מוחמדאַנער האָבן אײַנגענומען בבֿל, זײַנען זיי ניט געווען שלעכט צו ייִדן. ייִדן האָבן געקענט פֿירן זייער אייגן לעבן. מע האָט ווידער געעפֿנט די ישיבֿות אין סורא און פּומבּדיתא. דעם פֿירער פֿון אַ ישיבֿה האָט מען איצט גערופֿן גאון, דאָס מיינט הויכער אָדער געהויּ־בענער.

די גאונים האָבן געלערנט דאָס פֿאָלק. זיי האָבן דערקלערט די דינים פֿון תּנך און פֿון תּלמוד. ייִדן האָבן דעמאָלט געלעבט אין אַ סך לענדער. ווען ייִדן אין אַ

ווײַט לאַנד האָבן ניט פֿאַרשטאַנען אַ דין, אָדער האָבן ניט געוואוסט ווי אַזוי צו ענטפֿערן אויף אַ פֿראַגע וועגן אַ דין, פֿלעגן זיי שיקן אַ בריוו קיין בבֿל און די גאונים האָבן געענטפֿערט אויף די פֿראַגעס און דערקלערט דעם דין. די ענטפֿערס האָט מען געהאַלטן און מע האָט אָנגעזאַמלט אַ סך קלוגע רייד וועגן די דינים פֿון תּלמוד.

## דער ריש־גלותא

די גאונים האָבן געלערנט ייִדן פֿון בבֿל. דער פֿירער פֿון די ייִדן אונטער די מוחמדאַנער הערשערס איז אָבער געווען דער ריש־גלותא (דער קאָפּ, דאָס הייסט דער פֿירער, פֿון ייִדן אין גלות). ווען אַ ריש־גלותא איז געשטאָרבן, האָט דער עלטסטער זון פֿאַרנומען זײַן אָרט.

וועגן דעם ערשטן ריש־גלותא אונטער די מוחמדאַנער איז דאָ אַזאַ מעשׂה:

דער קיניג פֿון בבֿל האָט ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן האָבן אַ פֿירער. ער האָט געהייסן מע זאָל אויסהרגענען די גאַנצע משפּחה פֿון ריש־גלותא. האָט מען דאָס געטאָן. בלויז איין פֿרוי פֿון דער משפּחה איז גע־

בליבן לעבן, די פֿרוי פֿון דעם לעצטן ריש־גלותא. מען האָט זי ניט געטייט, ווײַל דער קיניג האָט געזען אַ חלום. עס האָט זיך אים געחלומט, אַז ער איז אין זייער אַ שיינעם גאָרטן מיט אַ סך ביימער. ער האַקט אויס בוים נאָך בוים. ווען ער איז געקומען צום לעצטן בוים, האָט ער פּלוצלינג דערזען אַן אַלטן מאַן. דער אַלטער מאַן האָט צוגענומען בײַם קיניג די האַק און אים גע־געבן אַ שטאַרקן קלאַפּ אין פּנים. דער קיניג איז געפֿאַלן. ער האָט זיך געבעטן בײַם אַלטן: „שלאָג מיך ניט, איך וועל טאָן אַלץ וואָס דו ווילסט". האָט דער אַלטער מאַן געזאָגט: — „האַק ניט אויס דעם לעצטן בוים".

דער קיניג האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און ער האָט געזען אַז עס גייט בלוט פֿון זײַן שטערן. ער האָט זיך דערשראָקן. ער האָט געשיקט נאָך זײַנע קלוגע לײַט און זיי געפֿרעגט וואָס דער חלום באַטײַט. קיינער האָט אים ניט געקענט ענטפֿערן. האָט מען געשיקט נאָך אַ גרויסן ייִדישן געלערנטן. האָט דער געלערנטער גע־זאָגט

— „די ביימער פֿון גאָרטן דאָס זײַנען די קינדער פֿון דער משפּחה פֿון ריש־גלותא. דער לעצטער בוים

דאָס איז דאָס קינד וואָס וועט באַלד געבוירן ווערן בײַ דער פֿרוי פֿון לעצטן ייִדישן פֿירער".

דער קיניג האָט פֿאַרשטאַנען דעם חלום. ער האָט געהייסן ברענגען די פֿרוי אין זײַן פּאַלאַץ. ער איז געווען גוט צו איר. ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן בוסתנאי, דאָס הייסט דער מאַן פֿון גאָרטן. ווען בוסתנאי איז אויסגעוואַקסן, איז ער געוואָרן דער ריש־גלותא.

## די קראים

ייִדן האָבן געלעבט אין מצרים, אין סיריע און אין פּערסיע. עס האָט זיך זיי געלעבט ניט שלעכט. אויך אין ארץ־ישׂראל האָבן דעמאָלט געלעבט ייִדן. מע האָט דאָרט ווידער געלערנט די תּורה ווי אַמאָל. דער הויפּט־צענטער איז אָבער פֿאַרבליבן בבֿל. דאָרט זײַנען געווען די גרעסטע געלערנטע און די וויכטיקסטע ישיבֿות.

אין יאָר 760 איז געשטאָרבן אַ ריש־גלותא, וואָס האָט ניט געהאַט קיין קינדער. דער וואָס האָט געדאַרפֿט פֿאַרנעמען זײַן אָרט איז געווען אַ געלערנטער מיט דעם נאָמען ענן. די גאונים האָבן אָבער געמיינט אַז ער איז



קראים

ניט גענוג גוט און פֿרום, האָבן זיי אויסגעקליבן זײַן ברודער. ענן איז געוואָרן אין כּעס. ער האָט גענומען זײַנע פֿרײַנד און געוואָלט אַרויסטרײַבן דעם נײַעם ריש־גלותא. דער אַראַבישער הערשער האָט וועגן דעם געהערט. ער האָט געהייסן אַרעסטירן ענען און אים

אַרײַנגעזעצט אין תּפֿיסה. ענן האָט אָבער געזאָגט דעם הערשער, אַז ער גלייבט ניט אין די דינים פֿון תּלמוד און אַז ער האַלט פֿון אַ סך געזעצן פֿון די מוחמדאַנער. דער הערשער האָט אים באַפֿרײַט. ענן איז אַוועק קיין ארץ־ישׂראל. דאָרט האָט ער אָנגעשריבן אַ בוך, אַז מע דאַרף ניט פֿאָלגן די דינים פֿון דעם תּלמוד און מע דאַרף זיך ניט צוהערן צו די רייד פֿון די גאונים. ער האָט געהייסן אַז מע זאָל נאָר פֿאָלגן די דינים פֿון דער תּורה.

אומעטום האָבן זיך געפֿונען ייִדן וואָס האָבן אויך אַזוי געטראַכט ווי ענן. איז געוואָרן אַ נײַע ייִדישע גרופּע וואָס האָט געלעבט אַנדערש ווי די ייִדן וואָס האָבן אָפּגעהיט די דינים פֿון תּלמוד. די גרופּע האָט זיך גערופֿן קראים, ווײַל זיי האָבן כּסדר געלייענט דעם תּנך. קרא מיינט אויף העברעאיש לייענען.

דעם תּלמוד האָט מען געשאַפֿן כּדי ייִדן זאָלן קענען בלײַבן ייִדן אין נײַע צײַטן. אַ סך געזעצן פֿון דער תּורה האָט מען גרינגער געמאַכט. די קראים האָבן אָבער שטרענג אָפּגעהיט נאָר די דינים פֿון דער תּורה. אין דער תּורה שטייט אַז מע טאָר ניט מאַכן קיין פֿײַער

אום שבת. יידן וואָס האָבן געלעבט לויט די דינים פֿון תּלמוד פֿלעגן אָנצינדן אַ לאָמפּ ערבֿ שבת און אים לאָזן ברענען ביז נאָך שבת. די קראים האָבן אָבער געזאָגט אַז מע טאָר דאָס ניט טאָן. זײַנען זיי פֿרײַטיק בײַנאַכט געזעסן אין דער פֿינצטער. נאָך אַנדערע געזעצן פֿון דער תּורה האָבן די קראים שטרענג אָפּגעהיט. זיי האָבן געמיינט אַז מע טאָר ניט נעמען קיין מעדיצין, ווײַל עס שטייט אין דער תּורה אַז גאָט וועט היילן די קראַנקע. זיי האָבן ניט געפֿײַערט חנוכּה, ווײַל וועגן חנוכּה ווערט ניט דערמאָנט אין תּנך. זיי האָבן געניצט



אַ שול פֿון די קראים אין רוסלאַנד

אַן אַנדער קאַלענדאַר און געפּײַערט די יום־טובֿים אין אַנדערע טעג.

אַ סך ייִדן זײַנען געוואָרן קראים. ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה זײַנען נאָך געווען קראים אין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער.

## סעדיה גאון

דער גרעסטער געלערנטער פֿון יענער צײַט איז געווען סעדיה בן יוסף. סעדיה איז געבוירן געוואָרן אין מצרים בײַם סוף פֿון צענטן יאָרהונדערט. ער איז געווען זייער קלוג. ווען ער איז נאָך געווען יונג, האָט ער אָנגעשריבן אַ בוך צו לערנען העברעאיש. דערנאָך האָט ער אָנגעשריבן אַ בוך קעגן די קראים און באַוויזן ווי נאַריש זיי זײַנען. ווען דער גאון פֿון דער ישיבֿה אין סורא איז געשטאָרבן, איז סעדיה געוואָרן דער גאון.

ווען סעדיה איז געוואָרן גאון, האָבן זיך אָנגעהויבן פֿאַר אים צרות. דער ריש־גלותא האָט געטאָן ניט קיין גערעכטע זאַך, האָט סעדיה גערעדט קעגן אים. דער ריש־גלותא האָט געצוואונגען סעדיהן אַוועקצוגיין פֿון סורא. סעדיה האָט זיך באַזעצט אין באַגדאַד. דאָרט האָט ער ווײַטער געלערנט און געשריבן. ער האָט

איבערגעזעצט דעם תּנך אויף אַראַביש. ייִדן וואָס האָבן ניט געקענט קיין העברעאיש און אויך ניט־ייִדן האָבן איצט געקענט לייענען און פֿאַרשטיין די ייִדישע תּורה.

שפּעטער האָט סעדיה זיך איבערגעבעטן מיט דעם ריש־גלותא און ער איז צוריק געוואָרן דער גאון פֿון סורא. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ סידור. ער האָט געהאָלפֿן, אַז ייִדן זאָלן האָבן איין לוח און פֿײַערן די יום־טובֿים אין די זעלביקע טעג. סעדיה גאון האָט אַ סך אויפֿגעטאָן פֿאַר זײַן פֿאָלק.

| | |
|---|---|
| באַזעצט | settled |

## עס גייט אונטער דער ייִדישער צענטער אין בבֿל

ווען סעדיה איז געשטאָרבן, זײַנען געווען אַנדערע גאונים נאָך אים. בבֿל איז אָבער מער ניט געווען דאָס גוטע לאַנד פֿאַר ייִדן. די אַראַבישע אימפּעריע האָט זיך צעטיילט. דער טייל וואָס איז געווען בבֿל איז געוואָרן אָרעמער. ייִדן זײַנען אויך געוואָרן אָרעמער. עס איז ניט געווען קיין געלט פֿאַר די ישיבֿות. אַ סך ייִדן זײַנען אַוועק פֿון בבֿל אין אַנדערע לענדער. קיין גרויסע געלערנטע זײַנען אין בבֿל מער ניט געווען. פּונקט אַזוי ווי עס איז פֿריִער געשען אין ארץ־ישׂראל, איז איצט

געשען אין בבֿל. איצט איז אַן אַנדער לאַנד געוואָרן אַ גוטע היים פֿאַר ייִדן. דאָס לאַנד איז געווען שפּאַניע. אַזוי האָט געטראָפֿן ניט איין מאָל: ווען איין ייִדישער צענטער איז געוואָרן שוואַך, איז שטאַרק געוואָרן אַן אַנדער צענטער.

## פֿראַגעס

1. ווי האָט זיך געלעבט די ייִדן אין בבֿל ?
2. וואָס האָבן רבֿ און שמואל אויפֿגעטאָן ?
3. ווי אַזוי האָט מען געשאַפֿן דעם תּלמוד ?
4. פֿאַרוואָס איז דער תּלמוד געווען אַזוי וויכטיק ?
5. וואָס האָט מוחמד געלערנט בײַ ייִדן ?
6. פֿאַרוואָס האָט מוחמד שפּעטער זיך צעקריגט מיט ייִדן ?
7. ווער זײַנען געווען די גאונים ?
8. מיט וואָס זײַנען די קראים געווען אַנדערש פֿון די אַנדערע ייִדן ?
9. וואָס האָט סעדיה גאון אויפֿגעטאָן ?

## טראַכט וועגן דעם

1. ייִדן האָבן אַ סך הונדערטער יאָרן געלעבט לויט די געזעצן פֿון תּנך און פֿון תּלמוד. האָט דאָס געהאָלפֿן אַז ייִדן זאָלן בלײַבן איין פֿאָלק ?

2. קריסטן און מוחמדאַנער האָבן גענומען דעם גלויבן אין איין גאָט בײַ ייִדן. פֿאַרוואָס זײַנען זיי ניט געוואָרן ייִדן? פֿאַרוואָס זײַנען געוואָרן פֿאַרשיידענע רעליגיעס מיט אַ גלויבן אין איין גאָט?

3. מיר האָבן שוין געלערנט וועגן די צענטערס פֿון ייִדישן לעבן אין ארץ־ישׂראל און אין בבֿל. וואו זײַנען איצט די צענטערס פֿון ייִדישן לעבן?


די אַראַבישע וועלט
אין 8טן יאָרהונדערט
אייראָפּע
שפאַניע
קאָרדאָווע
מיטללענדישער ים
מצרים
ירושלים
סורא
פומבדיתא
באַגדאַד
מעדינאַ
מעקאַ
רויטער ים

קאַפּיטל 7

# ייִדן אין שפּאַניע

## ייִדן קומען קיין שפּאַניע

ווען רוים האָט צעשטערט דעם בית־המקדש, זײַנען ייִדן אַוועק אין אַלע טיילן פֿון דער רוימישער אימפּעריע. זיי האָבן געלעבט אין די פֿאַרשיידענע לענדער וואָס האָבן געהערט צו רוים. אַ סך ייִדן האָבן געלעבט אין דער שטאָט רוים און אין די אַנדערע שטעט פֿון איטאַליע. ייִדן האָבן אויך געוואוינט אין שפּאַניע.

מיט דער צײַט איז רוים געוואָרן אַ קריסטלעך לאַנד. די לענדער וואָס האָבן געהערט צו רוים האָבן אויך אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. אַזוי האָט דאָס קריסטנטום זיך ביסלעכווײַז פֿאַרשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּע.

אין שפּאַניע האָבן געהערשט די וועסטגאָטן. זיי זײַנען געווען גוט צו ייִדן. זײַנען געקומען אין שפּאַניע מער און מער ייִדן. זיי זײַנען געווען פֿאַרמערס, סוחרים און בעלי־מלאכות. שפּעטער זײַנען די וועסטגאָטן געוואָרן קריסטן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן צרות פֿאַר ייִדן. די גלחים האָבן אײַנגערעדט די הערשערס אַרויסצוגעבן

גזירות קעגן ייִדן. מע האָט ניט געלאָזט ייִדן אָפּהיטן יום־טובֿים, מע האָט ניט געלאָזט לערנען תּורה, און מע האָט ייִדן געצוואונגען צו ווערן קריסטן. עס איז געווען אַ געפֿאַר אַז אין שפּאַניע זאָלן מער ניט זײַן קיין ייִדן.

דערווײַל זײַנען די מוחמדאַנער געוואָרן זייער שטאַרק אין צפֿון־אַפֿריקע. פֿון מאַראָקאָ זײַנען די מוחמדאַנער אָנגעפֿאַלן אויף שפּאַניע. אין אַ קורצער צײַט האָבן די מוחמדאַנער אײַנגענומען גאַנץ דרום־שפּאַניע. דאָס איז געווען אין אָנהייב פֿון אַכטן יאָרהונדערט.

ייִדן זײַנען געווען זייער צופֿרידן וואָס די מוחמדאַנער זײַנען געוואָרן די הערשערס פֿון שפּאַניע. זיי האָבן געוואוסט אַז ייִדן לעבן רואיק אין די לענדער וואו עס הערשן די מוחמדאַנער. אַ טייל ייִדן האָבן אַפֿילו געהאָלפֿן די מוחמדאַנער אין דער מלחמה מיט די קריסטן. די ערשטע מוחמדאַנער הערשערס זײַנען געווען גוט צו ייִדן. זיי האָבן געדאַרפֿט די הילף פֿון ייִדישע געלערנטע און סוחרים וואָס האָבן געקענט דאָס לאַנד. עס זײַנען געווען ייִדישע מיניסטאָרן, ייִדישע מלחמה־פֿירערס, ייִדישע דאָקטוירים און אַ סך גרויסע ייִדישע סוחרים און לאַנד־באַ־

זיצערס. די מוחמדאַנישע הערשערס האָבן געלאָזט ייִדן בויען שולן צו דאַוונען און צו לערנען.

לאַנד־באַזיצערס — land-owners

## חסדאי אבן שפּרוט

די הויפּטשטאָט פֿון די אַראַבישע הערשערס אין שפּאַניע איז געווען קאָרדאָווע. דער קיניג פֿון קאָרדאָווע האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ סך לענדער. ער האָט געדאַרפֿט אַ קלוגן מענטשן וואָס זאָל אים העלפֿן אין זײַנע געשעפֿטן מיט די אַנדערע לענדער. אין קאָרדאָווע האָט געלעבט אַ קלוגער ייִד מיטן נאָמען חסדאי. חסדאי איז געווען פֿון אַ רײַכער ייִדישער משפּחה. ווען ער איז געווען יונג, האָט ער זיך אַ סך געלערנט. ער איז געוואָרן אַ דאָקטער. ער האָט גוט געקענט אַראַביש, לאַטײַן און העברעאיש. ער האָט געלייענט אַלע וויכטיקע ביכער פֿון די מוחמדאַנער און קריסטן. ער האָט געקענט רעדן און שרײַבן צו מענטשן פֿון אַלע לענדער, ווײַל די הויפּט־שפּראַכן פון יענער צײַט זײַנען געווען אַראַביש און לאַטײַן.

ווען דער קיניג פֿון קאָרדאָווע האָט געהערט וועגן חסדאי, האָט ער אים געמאַכט פֿאַר זײַן מיניסטער. חסדאי

איז געווען זייער אַ גוטער מיניסטער. ער איז געווען זייער קלוג, ער האָט געגעבן דעם קיניג גוטע עצות, דער קיניג האָט אים זייער ליב געהאַט.

חסדאי איז געווען דער פירער פון אַלע ייִדן אין שפּאַניע. ער האָט געהאָלפן בויען שולן. ער האָט געהאָלפן ייִדן מיט געלט און מיט קלוגע עצות. ווען מענטשן פלעגן קומען פון אַנדערע לענדער, האָט זיי חסדאי אַלעמאָל געפרעגט ווי עס לעבט זיך ייִדן אין זייער לאַנד.

## די כּוזרים

איינמאָל איז אין קאָרדאָווע געקומען אַן אַמבאַסאַדאָר פון פּערסיע. האָט ער דערציילט אַז אין דרום־רוסלאַנד איז דאָ אַ ייִדישע מלוכה מיט אַ ייִדישן מלך. חסדאי האָט זיך זייער דערפרייט. ער האָט געזאָגט:

„ווען איך זאָל וויסן אויף זיכער אַז עס איז טאַקע דאָ אַזאַ ייִדיש לאַנד, וואָלט איך אַוועק פון מײַן הויכן אַמט אין שפּאַניע און געפאָרן אין יענעם לאַנד".

חסדאי האָט גלײַך געשיקט אַ בריוו צום קיניג פון דעם ייִדישן לאַנד. עס איז אַוועק אַ לאַנגע צײַט. חסדאי האָט ענדלעך באַקומען אַ בריוו פון דעם קיניג. אין בריוו האָט דער קיניג געשריבן אַז זײַן נאָמען איז יוסף און אַז

ער איז דער קיניג פֿון די כּוזרים. ער אַליין איז טאַקע אַ ייִד, אָבער ניט אַלע כּוזרים זײַנען ייִדן, בלויז אַ טייל פֿון פֿאָלק האָט אָנגענומען דעם ייִדישן גלויבן. די כּוזרים שטאַמען ניט פֿון ייִדן, נאָר זײַנען געוואָרן ייִדן, ווײַל זיי האָבן געגלייבט אַז די ייִדישע רעליגיע איז די בעסטע.

ווען חסדאי האָט געלייענט דעם בריוו, האָט ער געטראַכט, אַז ער וועט בעסער בלײַבן אין שפּאַניע כּדי ווײַטער צו העלפֿן ייִדן אין זײַן אייגן לאַנד און אין אַנדערע לענדער. די ייִדישע מלוכה פֿון די כּוזרים איז שפּעטער אונטערגעגאַנגען, ווען די רוסן האָבן אײַנגענו־מען זייער לאַנד.

אַמט — position, office

## שפּאַניע ווערט אַ צענטער פֿון ייִדיש וויסן

ייִדן פֿון שפּאַניע האָבן ניט געהאַט קיין גרויסע געלערנטע. מע האָט געלערנט דעם תּלמוד, אָבער קיין גרויסע ישיבֿות זײַנען ניט געווען. אין די צײַטן פֿון חסדאי האָט מען געעפֿנט אַ ישיבֿה אין קאָרדאָווע. וועגן דעם איז דאָ אַזאַ מעשׂה:

די ישיבֿה אין סורא, אין בבֿל, האָט געדאַרפֿט געלט. האָט מען געשיקט פֿיר גרויסע געלערנטע אין אַנדערע

לענדער צו קריגן געלט פֿאַר דער ישיבֿה אין בבֿל. אין יענע צײַטן איז דאָס פֿאָרן אויף די ימען ניט געווען זיכער. פּיראַטן פֿלעגן אָנפֿאַלן אויף שיפֿן, זיי פֿלעגן צונעמען אַלץ וואָס די שיף האָט געפֿירט, און די מענטשן פֿון די שיפֿן פֿלעגן זיי פֿאַרקויפֿן פֿאַר שקלאַפֿן. דאָס האָט גע־טראָפֿן מיט די פֿיר געלערנטע פֿון סורא.

איינער פֿון די געלערנטע האָט געהייסן משה בן חנוך. ווען די פּיראַטן האָבן געכאַפּט משהן, האָבן זיי אים געבראַכט אין קאָרדאָווע. דאָרט האָט מען אים גענומען אויף דעם שקלאַפֿן־מאַרק צו פֿאַרקויפֿן פֿאַר אַ שקלאַף. די ייִדן אין קאָרדאָווע האָבן געהערט אַז מע פֿאַרקויפֿט אַ ייִדן פֿאַר אַ שקלאַף. זײַנען זיי געגאַנגען אויפֿן מאַרק, געקויפֿט משהן און אים גלײַך באַפֿרײַט.

קיינער האָט ניט געוואוסט אַז משה איז אַ גרויסער געלערנטער. ער האָט געפֿונען אַרבעט און געלעבט זייער אָרעם. איינמאָל איז ער געקומען אין שול. דער רבֿ פֿון קאָרדאָווע האָט גערדאַרפֿט ענטפֿערן אויף זייער אַ שווערער פֿראַגע וועגן עפּעס אין תּלמוד. דער רבֿ האָט ניט גע־קענט ענטפֿערן. פּלוצלינג האָט משה אויסגערופֿן:

— „איך וועל ענטפֿערן".

אַלע ייִדן אין שול האָבן באַוואונדערט משהס קלוגן ענטפער. דער רבֿ איז צוגעקומען צו אים און געזאָגט:

— „דו ביסט אַ גרויסער געלערנטער. דו קענסט אַ סך מער פון מיר. דו דאַרפסט זײַן דער רבֿ. איך דאַרף זיך לערנען בײַ דיר".

חסדאי האָט געהערט וועגן משה בן חנוך. ער האָט געהאָלפן בויען אַ ישיבֿה. משה בן חנוך איז געוואָרן דער פירער פון דער ישיבֿה. ייִדן זײַנען געקומען זיך לערנען בײַ אים. זײַנע תּלמידים האָבן געעפנט אַנדערע ישיבֿות. שפּאַניע איז געוואָרן דער גרויסער צענטער פון ייִדישן לערנען.

## שמואל הנגיד

די אַראַבישע הערשערס פון שפּאַניע האָבן ניט אַלעמאָל געלעבט בשלום. ווען חסדאי איז געשטאָרבן, איז געוואָרן אַ מלחמה צווישן דעם הערשער פון קאָר־דאָווע און אַנדערע אַראַבישע הערשערס. דער הערשער פון קאָרדאָווע האָט פאַרלוירן די מלחמה. די ייִדן פון קאָרדאָווע האָבן געמוזט אַנטלויפן פון דער שטאָט.

צווישן די ייִדן וואָס זײַנען אַנטלאָפן איז געווען אַ ייִד מיטן נאָמען שמואל. שמואל איז געווען זייער קלוג

און זייער געלערנט. ער האָט געקענט העברעאיש, אַראַביש, שפּאַניש און אַנדערע שפּראַכן. ער האָט געקענט דעם תּלמוד. ווען ער איז אַנטלאָפֿן פֿון קאָרדאָווע, איז ער אָבער געווען זייער אָרעם. ער האָט געעפֿנט אַ קליינע קראָם לעבן דעם פּאַלאַץ פֿון דעם הויפּט־מיניסטער פֿון גראַנאַדע.

שמואל האָט געקענט זייער שיין שרײַבן. איינמאָל איז צו אים געקומען אַ דינער פֿון דעם מיניסטער. ער האָט שמואלן געבעטן אָנצושרײַבן אַ בריוו פֿאַר אים. שמואל האָט עס געטאָן. דער דינער איז געווען זייער צופֿרידן און שמואל האָט פֿאַר אים געשריבן אַ סך בריוו. דער מיניסטער האָט געזען די בריוו וואָס שמואל האָט געשריבן. ער האָט געפֿרעגט ווער עס האָט געשריבן די בריוו. האָט מען אים געזאָגט אַז שמואל האָט עס געטאָן. ער איז געקומען אין שמואלס קראָם און גערעדט מיט אים. ער האָט געזען אַז שמואל איז קלוג און זייער געלערנט. ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט וואָס אַזאַ גרויסער געלערנטער איז אַזוי אָרעם. ער האָט געפֿרעגט שמואלן צי ער וואָלט געוואָלט ווערן זײַן סעקרעטאַר. שמואל האָט געזאָגט אַז ער וויל.

שמואל איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פֿון דעם קיניגס הויפּט־מיניסטער אין גראַנאַדע. ער האָט דעם מיניסטער געגעבן אַ סך גוטע עצות. דער מיניסטער



אַ שפּאַנישע שול

האָט מער און מער געפֿרעגט עצות בײַ שמואלן. דער קיניג האָט געהערט וועגן דעם, ווען דער מיניסטער איז געשטאָרבן, איז שמואל געוואָרן דער מיניסטער.

שמואל האָט ניט פֿאַרגעסן אַז ער איז אַ ייִד. ער האָט ווײַטער געלערנט דעם תּלמוד און אָנגעשריבן אַ ספֿר וועגן תּלמוד און אַ בוך צו לערנען העברעאיש. ער האָט געהאָלפֿן ייִדישע געלערנטע און שרײַבערס. אַזוי ווי חסדאי פֿריִער, איז ער געוואָרן דער פֿירער פֿון ייִדן אין שפּאַניע.

| | |
|---|---|
| קראָם | store |
| דינער | servant |
| ספֿר | religious book |

## שמואל הנגידס גוטסקייט

שמואל איז געווען זייער אַ גוטער מענטש. עס איז דאָ אַזאַ מעשׂה וועגן זײַן גוטסקייט:

עס זײַנען געווען אַראַבער וואָס האָבן מקנא געווען שמואלן וואָס ער איז אַזאַ גרויסער און וויכטיקער מענטש. איינמאָל איז שמואל געגאַנגען אין גאַס מיטן קיניג ניט ווײַט פֿון פּאַלאַץ. אַן אַראַבער האָט זיי געזען און גענומען שרײַען אויף שמואלן און אים שעלטן. דער קיניג איז גע־

ווארן אין כעס. ער האָט געזאָגט שמואלן: „שנייַד אים אויס זייַן בייזע צונג״.

שמואל האָט אָבער ניט געטאָן וואָס דער קיניג האָט געהייסן. ער האָט געשיקט דעם אַראַבער שיינע מתנות. דער אַראַבער האָט זיך געפילט שלעכט וואָס ער האָט געשאָלטן שמואלן. ער איז געוואָרן שמואלס פרייַנד. אַ צייַט שפעטער האָבן דער קיניג און שמואל ווידער באַגעגנט דעם אַראַבער. דאָס מאָל האָט דער אַראַבער גערעדט זייער פרייַנדלעך צו שמואלן. דער קיניג האָט זיך געוואונדערט. ער האָט געזאָגט „איך האָב דאָך דיר געהייסן אויסשנייַדן זייַן בייזע צונג. ווי קומט עס אַז ער קען נאָך רעדן?״

שמואל האָט געענטפערט: — „דו האָסט מיך געהייסן אויסשנייַדן זייַן בייזע צונג. איך האָב עס געטאָן. זייַן צונג איז מער ניט בייז. זי רעדט זיסע רייד״.

שמואל האָט אַ סך געהאָלפן יידן. מע האָט אים גערופן נגיד, דאָס הייסט שמואל דער פירער. מיט דעם נאָמען איז ער פאַרשריבן אין דער יידישער געשיכטע.

## יהודה הלוי

אין דער אַראַבישער שפּאַניע זייַנען געווען גרויסע יידישע פּאָעטן. דער גרעסטער יידישער פּאָעט

פֿון יענער צײַט איז געווען יהודה הלוי. ער האָט געלעבט אין על־פּטן יאָרהונדערט. יהודה איז געווען פֿון אַ רײַכער ייִדישער משפּחה. ווען ער איז געווען יונג, האָט ער אַ סך געלערנט. ער האָט גוט געקענט אַראַביש. ער האָט געקענט תּלמוד און וויסנשאַפֿט. ער איז געוואָרן אַ דאָקטער. ווען ער איז נאָך געווען יונג, האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן לידער אויף העברעאיש. ער האָט געשריבן וועגן נאַטור און וועגן ליבע. ער האָט אַפֿילו געשריבן רעטענישן. אָט איז איינע פֿון זײַנע רעטענישן:

וואָס האָט אַן אויג, דאָך איז עס בלינד?
און מענטשן דאַרפֿן עס כּסדר,
קליידט דעם גרויסן און דאָס קינד
און אַליין גייט נאַקעט גאָר אָן קליידער.

האָט איר געטראָפֿן דאָס רעטעניש?

יהודה הלוי האָט זייער ליב געהאַט זײַן פֿאָלק. ער האָט געטראַכט וועגן אַ צײַט ווען ייִדן וועלן צוריקקומען אין זייער אייגן לאַנד, ארץ־ישׂראל. ער האָט געשריבן אַ סך לידער וועגן ארץ־ישׂראל. ער האָט אַליין געוואָלט פֿאָרן אין ארץ־ישׂראל. ער האָט געשריבן „איך בין אין מערבֿ און מײַן האַרץ איז אין מזרח“.

ווען ער האָט געהערט וועגן די כּוזרים, איז ער גע־
וואָרן זייער פֿאַראינטערעסירט אין זיי. ער האָט אָנגעשריבן
אַ גאַנץ בּוך וואָס הייסט „דער כּוזרי״. אין דעם בּוך
דערציילט ער ווי אַזוי די כּוזרים זײַנען געוואָרן ייִדן.
דער קיניג פֿון די כּוזרים האָט איינמאָל געזען אַ חלום.
אין חלום איז צו אים געקומען אַ מלאך און אים געזאָגט
אַז ער זאָל גלייבן אין איין גאָט. האָט ער געוואָלט גלייבן
אין איין גאָט. ער האָט געוואוסט אַז קריסטן, מוחמדאַנער
און ייִדן גלייבן אין איין גאָט. ער האָט ניט געוואוסט,
צי ער זאָל ווערן אַ קריסט, אַ מוחמדאַנער אָדער אַ ייִד.

ער האָט גערופֿן אַ קריסטלעכן גלח. ער האָט גע־
פֿרעגט דעם גלח וועגן זײַן רעליגיע. דער גלח האָט אים
דערקלערט, אַז קריסטן גלייבן אין איין גאָט, אַז יעזוס
איז געווען משיח און אַז זיי האָבן גענומען זייער רע־
ליגיע פֿון ייִדן. דערנאָך האָט ער גערופֿן אַ מוחמדאַנישן
געלערנטן. דער מוחמדאַנער האָט אים דערקלערט אַז
ער גלייבט אין איין גאָט, אַז מוחמד איז געווען אַ נבֿיא
און אַז די מוחמדאַנער האָבן אויך גענומען זייער רעליגיע
פֿון די ייִדן. דערנאָך האָט ער געשיקט נאָך אַ ייִדישן
געלערנטן. דער ייִד האָט אים געזאָגט אַז ייִדן גלייבן

אין איין גאָט, אַז משיח איז נאָך ניט געקומען און אַז
ייִדן זײַנען געווען די ערשטע וואָס האָבן געגלייבט אין
איין גאָט. האָט דער קיניג געטראַכט: אויב קריסטן און
מוחמדאַנער האָבן זיך געלערנט פֿון ייִדן, צו וואָס זאָל
ער גיין צו די תּלמידים, די קריסטן און מוחמדאַנער?
ער וועט בעסער גיין צום לערער, צו ייִדן. דער קיניג
און אַ סך כּוזרים האָבן אָנגענומען דעם ייִדישן גלויבן.
אַזוי איז דאָס לאַנד פֿון די כּוזרים געוואָרן אַ ייִדישע
מלוכה. מיט דער מעשׂה האָט יהודה געוואָלט ווײַזן אַז
דער ייִדישער גלויבן איז דער עלטסטער און דער
בעסטער.

ווען יהודה הלוי איז שוין געווען אַלט, איז ער גע־
פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. דעמאָלט איז געווען זייער גע־
פֿערלעך צו פֿאָרן אויפֿן ים. די שיפֿן זײַנען געווען קליין
און עס האָט געקענט קומען אַ שטורעם וואָס זאָל זינקען
די שיף. יהודה האָט אָבער ניט מורא געהאַט. ער האָט
געשריבן דאָס ליד:

כ׳האָב פֿאַרגעסן אַלע ליבסטע,
כ׳האָב פֿאַרלאָזט מײַן אייגן הויז,
כ׳האָב דעם ים זיך אָפּגעגעבן —
טראָג מיך, ים, צו מוטערס שויס!

און דו מערבֿ־ווינט געטרײַער,
טראָג מײַן שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מײַן האַרץ מיט אָדלער־פֿליגל
זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג.

ברענג מיך נאָר אַהין בשלום,
נאָכדעם פֿלי זיך דיר צוריק.
גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע
און דערצייל זיי פֿון מײַן גליק.

די שיף איז בשלום אָנגעקומען. יהודה הלוי איז געקומען אין דעם הייליקן לאַנד. ער איז געקומען אין ירושלים. ער האָט געוויינט בײַ דעם כותל־מערבֿי בײַ דער איבערגעבליבענער מערבֿ־וואַנט פֿון בית־המקדש. ער האָט דעמאָלט אָנגעשריבן דאָס ליד:

מוטער ציון, דו פֿרעגסט זיך דאָך אויף דײַנע קינדער,
ווי זיי, צעזייטע און צעשפּרייטע, פֿרעגן?
פֿון מזרח, מערבֿ, צפֿון, דרום — נעם דעם גרוס
פֿון נאָענט און ווײַט, פֿון אַלע וואַנדער־וועגן...

אין ארץ־ישׂראל איז אין יענער צײַט געווען אַ מלחמה. די קריסטן און די מוחמדאַנער האָבן זיך געשלאָגן,

ווער עס זאָל הערשן אין לאַנד. מע ווייסט ניט וואו און ווי אַזוי יהודה הלוי איז געשטאָרבן. עס איז דאָ אַ מעשׂה, אַז ווען יהודה הלוי האָט געקושט די ערד פֿון ארץ־ישׂראל, האָט אַ מוחמדאַנישער רײַטער אים דערשטאָכן מיט אַ שפּיז.

יהודה הלוי האָט אָנגעשריבן מער ווי אַכט הונדערט לידער. ער האָט זייער ליב געהאַט זײַן פֿאָלק און דאָס היימלאַנד פֿון זײַן פֿאָלק. עס זײַנען געווען נאָך אַנדערע ייִדישע פּאָעטן, אָבער ער איז געווען דער גרעסטער אין זײַן צײַט.

| | |
|---|---|
| Christian priest | גלח |
| lap | שויס |
| shore | ברעג |

# דער רמב״ם

## דער יונגער משה

דער גרעסטער ייִדישער געלערנטער פֿון יענער צײַט איז געווען רבי משה בן מײַמון. ווען מע נעמט די ערשטע אותיות פֿון זײַן נאָמען און מע שטעלט זיי צו־זאַמען ווערט דער נאָמען רמב״ם. אַזוי האָט מען אים גע־רופֿן. דער רמב״ם איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט קאָרדאָווע. זײַן טאַטע איז געווען אַ רײַכער און געלערנטער ייִד. דער רמב״ם האָט געלעבט אין צוועלפֿטן יאָרהונדערט.

ווען דער רמב״ם איז געווען אַ יונג קינד, האָט ער זיך זייער גוט געלערנט. ער האָט געלערנט דעם תּלמוד. ער האָט אויך געלערנט די וויכטיקע אַראַבישע ביכער. ער האָט געקענט די ייִדישע תּורה. ער האָט אויך געקענט וויסנשאַפֿט און מאַטעמאַטיק.

ווען ער איז געווען דרײַצן יאָר אַלט, זײַנען געקומען

שלעכטע צײַטן פֿאַר ייִדן אין דער אַראַבישער שפּאַניע. שלעכטע אַראַבער פֿון צפֿון־אַפֿריקע האָבן אײַנגענומען דרום־שפּאַניע. זיי זײַנען געווען זייער פֿרומע מוחמדאַנער, און זיי האָבן געוואָלט אַז אַלע ייִדן זאָלן ווערן מוחמדאַ־נער. ייִדן וואָס האָבן ניט געוואָלט ווערן מוחמדאַנער האָט מען געטייט. דעם רמבמס משפּחה האָט געמוזט אַנטלויפֿן פֿון קאָרדאָווע. זיי זײַנען אַנטלאָפֿן אין אַ שטאָט אין צפֿון־אַפֿריקע וואָס הייסט פֿעז. דאָרט האָבן זיי געקענט בלײַבן בלויז אַ קורצע צײַט. באַלד זײַנען די שלעכטע אַראַבער געקומען אין פֿעז און די משפּחה האָט ווײַטער געמוזט אַנטלויפֿן.

דאָס מאָל זײַנען זיי אַנטלאָפֿן קיין ארץ־ישׂראל. זיי זײַנען געווען אין ירושלים. אין ארץ־ישׂראל האָבן די מוחמדאַנער און קריסטן זיך נאָך אַלץ געשלאָגן. דאָס לעבן איז דאָרט געווען שווער. די משפּחה האָט ווידער געמוזט אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד. דאָס מאָל זײַנען זיי געקומען אין מצרים. דאָרט זײַנען זיי שוין געבליבן אין דער שטאָט קאַהיר.

אין דער צײַט ווען די משפּחה האָט געוואַנדערט, האָט זיך דער רמבם געהאַלטן אין איין לערנען. מע

דערציילט, אַז איידער די משפּחה איז אַוועק פֿון קאָרדאָווע האָט דער רמב״ם געלערנט אַלע הייליקע ייִדישע ספֿרים אויף אויסווייניק. ער האָט געוואָלט לערנען אַפֿילו ווען ער האָט די ביכער ניט געהאַט. דער רמב״ם האָט כּסדר געלערנט וואו נאָר ער איז געווען.

ווען די משפּחה איז אַנטלאָפֿן פֿון שפּאַניע, האָבן זיי מיט זיך מיטגענומען טײַערע איידל־שטיינער. כּדי צו האָבן געלט אויף צו לעבן, האָבן זיי פֿאַרקויפֿט די איידל־שטיינער. אַזוי האָט די משפּחה אָנגעהויבן האַנדלען מיט טײַערע איידל־שטיינער. דער רמב״ם האָט זיך מיט דעם האַנדל ניט פֿאַרנומען. דאָס האָט געטאָן זײַן ייִנגערער ברודער דוד. דער רמב״ם האָט אַלץ געלערנט. ער איז געוואָרן אַ דאָקטער.

ווען די משפּחה איז אָנגעקומען אין מצרים, האָט זיך דוד ווײַטער פֿאַרנומען מיט קויפֿן און פֿאַרקויפֿן טײַערע איידל־שטיינער. ער איז געפֿאָרן פֿון לאַנד צו לאַנד. ער האָט פֿאַרדינט געלט און פֿון דעם האָט די משפּחה גע־לעבט. דער טאַטע איז געשטאָרבן. דער רמב״ם און זײַן ברודער זײַנען געבליבן אַליין.

דער רמב״ם האָט זייער ליב געהאַט זײַן ברודער דוד. דוד האָט געהאַנדלט מיט די טײַערע איידל־שטיינער. דער

רמבם האָט געלערנט און געשריבן וויכטיקע ביכער. דוד האָט געגעבן זײַן ברודער גענוג געלט צו לעבן. איינ־מאָל האָט דוד פֿאַרלוירן אַ סך געלט אין זײַן געשעפֿט. ער האָט באַשלאָסן אַז ער מוז עפּעס טאָן צו פֿאַרדינען מער געלט. ער האָט געבאָרגט געלט און זיך געגרייט צו פֿאָרן קיין אינדיע צו פֿאַרקויפֿן טײַערע איידל־שטיינער. דער רמבם האָט ניט געוואָלט אַז דוד זאָל פֿאָרן. דוד האָט איצט געהאַט אַ ווײַב מיט אַ טאָכטער. דער וועג קיין אינדיע איז געווען געפֿערלעך. דוד האָט אָבער געזאָגט אַז ער מוז פֿאָרן. ער איז אַרויסגעפֿאָרן, אָבער ער איז שוין מער ניט געקומען צוריק. אין אַ צײַט אַרום האָט זיך דער רמבם דערוואוסט אַז זײַן ברודערס שיף איז אונטערגעגאַנגען אין אַ שטורעם.

ווען דער רמבם האָט דערהערט די שלעכטע נײַס, איז ער קראַנק געוואָרן. ער איז געווען קראַנק אַ לאַנגע צײַט. ער האָט געהאַלטן בײַם שטאַרבן, אָבער ער האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. ער האָט זיך אַליין געהיילט, און ביסלעכווײַז איז ער געזונט געוואָרן.

earned — פֿאַרדינט



דער רמב״ם היילט קראַנקע

## דער רמב״ם ווערט אַ דאָקטער

ווען דער רמב״ם איז געזונט געוואָרן, האָט ער געזען אַז ער מוז עפּעס טאָן צו פֿאַרדינען געלט. די מענטשן וואָס האָבן דודן געבאָרגט געלט האָבן געוואָלט קריגן צוריק זייער געלט. דודס ווײַב און קינד האָבן גע־לעבט זייער אָרעם. דער רמב״ם און זײַן ווײַב האָבן אויך קיין געלט ניט געהאַט. דער רמב״ם איז געווען אַ דאָקטער. ער האָט געהיילט קראַנקע, אָבער ער האָט פֿאַר דעם קיין

געלט ניט גענומען. איצט ווען ער איז געווען זייער אָרעם, איז ער געווען געצוואונגען צו נעמען געלט פֿאַר היילן קראַנקע.

דער רמב״ם איז געוואָרן באַרימט ווי אַ גוטער דאָקטער. פֿריִער האָט ער געהיילט ייִדן. ווען די אַראַבער האָבן געהערט ווי גוט ער היילט קראַנקע, זײַנען זיי אויך געקומען צו אים. ער האָט איצט געקענט באַצאָלן דאָס געלט וואָס דוד האָט געבאָרגט. ער האָט איצט געקענט העלפֿן זײַן ברודערס משפּחה. דער קיניג האָט געהערט וועגן אים. ער האָט אים געמאַכט פֿאַר זײַן אייגענעם דאָקטער.

דער רמב״ם איז איצט געווען זייער פֿאַרנומען. יעדער פֿרימאָרגן האָט ער געמוזט פֿאָרן אין קיניגלעכן פּאַלאַץ. דאָרט האָט ער געהיילט אַלע מענטשן פֿון קיניגס משפּחה. דערנאָך האָט ער זיך ווידער אויפֿגעזעצט אויף זײַן אייזל און געפֿאָרן אַהיים אין דעם ייִדישן טייל פֿון דער שטאָט. אין דער היים האָבן שוין אויף אים געוואַרט קראַנקע. ער האָט געהיילט די קראַנקע. שפּעטער, ווען אַלע זײַנען אַוועק, האָט ער געגעסן. בלויז איין מאָל אַ טאָג האָט דער רמב״ם געגעסן. גלײַך נאָך דעם עסן האָט דער רמב״ם

געשריבן און געלערנט ביז שפּעט בײַנאַכט. דער רמבם האָט זייער שווער געאַרבעט.

נאָר איין טאָג אין דער וואָך איז דער רמבם ניט געפֿאָרן אין פּאַלאַץ. דאָס איז געווען שבת. אין דעם טאָג האָט ער געהאָלפֿן די ייִדן. שבת זײַנען צו אים געקומען ייִדן פֿון אומעטום. זיי האָבן בײַ אים געבעטן עצות און הילף. דער רמבם האָט אַלעמען געהאָלפֿן. ער האָט געגעבן קלוגע עצות, געבעטן בײַם קיניג הילף פֿאַר ייִדן, געטאָן אַלץ פֿאַר זײַן פֿאָלק. מיט דער צײַט איז ער געוואָרן דער פֿירער פֿון אַלע ייִדן אין מצרים. ער איז געוואָרן דער גרעסטער ייִד פֿון זײַן צײַט און איינער פֿון די גרעסטע געלערנטע אין דער וועלט.

ווען ער איז געשטאָרבן, איז ער געווען 69 יאָר אַלט. די גאַנצע וועלט האָט וועגן אים געוואוסט. ייִדן אין אַלע לענדער האָבן געטרויערט נאָך אים. אַ סך מענטשן זײַנען געקומען צו זײַן לוויה. זיין קבֿר איז אין ארץ־ישׂראל, אַזוי ווי ער האָט געבעטן. זײַן קבֿר איז געוואָרן אַ הייליקער אָרט פֿאַר ייִדן.

## וואָס דער רמבם האָט געלערנט

דער רמבם האָט געהאַלטן פֿון וויסנשאַפֿט. ער האָט געוואָלט, אַז אַלץ אין וואָס ייִדן גלייבן זאָל זײַן

קלאָר און מע זאָל עס קענען פֿאַרשטיין. ער האָט דערי־
בער אָנגעשריבן אַ בוך וואָס הייסט משנה־תורה. אין דעם
בוך האָט ער אַרײַנגענומען אַלע געזעצן פֿון דער תורה
און פֿון תלמוד. ער האָט זיי אַלע אָנגעשריבן זייער קלאָר.
ער האָט געוואָלט מע זאָל די געזעצן פֿאַרשטיין.

אין אַן אַנדער בוך האָט דער רמב״ם געשריבן, אַז
ייִדן דאַרפֿן ניט נאָר אָפּהיטן די ייִדישע געזעצן און זיך
לערנען פֿון ייִדישע געלערנטע, נאָר זיי דאַרפֿן אויך
לערנען בײַ ניט־ייִדישע געלערנטע דאָס וואָס איז ניט
קעגן די ייִדישע געזעצן.

דער רמב״ם האָט געהאַלטן, אַז אַ סך מענטשן גלייבן
אין נאַרישקייטן. ער האָט למשל געזען אַז אַ סך ייִדן
גלייבן אין אַסטראָלאָגיע. אַסטראָלאָגיע איז דער גלויבן
אַז די שטערן באַשטימען וואָס וועט פֿאָרקומען אין אַ
מענטשנס לעבן. דער רמב״ם האָט געזאָגט אַז די וואָס
גלייבן אין אַסטראָלאָגיע זײַנען נאַראָנים. ער האָט אויך
געזאָגט אַז מע דאַרף ניט גלייבן אין קיין וואונדער־
מעשׂות. די מעשׂות דערציילט מען בלויז צו מאַכן דאָס
לערנען אינטערעסאַנט. מע דאַרף ניט גלייבן אַז די
וואונדער אין די מעשׂות זײַנען טאַקע אמת.

דער רמבּם האָט אויך געזאָגט אַז ייִדן זײַנען ניט די איינציקע וואָס גלייבן אין איין גאָט. קריסטן און מוחמדאַנער גלייבן אויך אין איין גאָט. ער האָט ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן גלייבן ווי קריסטן און מוחמדאַנער. ער האָט אָבער ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן מיינען אַז קריסטן און מוחמדאַנער גלייבן אין אַ סך געטער. ער האָט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן זײַן טאָלעראַנט.

פֿאַרן טויט האָט דער רמבּם געשריבן אַ בריוו צו זײַן זון:

„גיי צווישן גוטע און געלערנטע מענטשן און הער וואָס זיי זאָגן. לערן זיך פֿון זיי. היט אָפּ דײַן געזונט, ווײַל אויב דו ביסט קראַנק, קענסטו ניט טראַכטן קלאָר. רעד ניט צו פֿיל, ווײַל צו פֿיל רייד ברענגט אומקלאָרקייט. האָב ליב דעם אמת און זאָג קיינמאָל ניט קיין ליגן. זײַ ניט פֿויל. קריג זיך ניט מיט מענטשן. זײַ אַ גוטער און פֿרומער ייִד".

דער רמבּם האָט געשריבן ביכער ניט נאָר פֿאַר ייִדן. ער האָט אָנגעשריבן אַ גרויס בוך וועגן מעדיצין. נאָך הײַנט זאָגן דאָקטוירים דאָס וואָס ער האָט געשריבן: עס און טרינק ניט צו פֿיל, וועסטו ניט ווערן קראַנק. דער

רמבם האָט אויך געשריבן אַ בוך וועגן פילאָסאָפיע, וואָס אַ סך ניט־ייִדן האָבן געלייענט און געלערנט.

משנה־תורה האָט דער רמבם געשריבן אויף העברע־איש. זײַנע אַנדערע ביכער האָט ער געשריבן אויף אַראַ־ביש. מע האָט זיי אָבער איבערגעזעצט אויף העברעאיש, און ביזן הײַנטיקן טאָג, 800 יאָר שפּעטער, לערנט מען נאָך זײַנע גרויסע ביכער.

## פ ר אַ ג ע ס

1. פֿאַרוואָס זײַנען ייִדן געווען צופֿרידן ווען די מוחמדאַנער האָבן אײַנגענומען דרום־שפּאַניע ?
2. ווער זײַנען געווען די כוזרים ?
3. ווי אַזוי איז שפּאַניע געוואָרן אַ צענטער פֿון ייִדיש וויסן ?
4. מיט וואָס איז שמואל הנגיד געווען באַרימט ?
5. וואו איז יהודה הלוי געפֿאָרן ?
6. וואָס האָט דער רמבם געלערנט ?

## ט ר אַ כ ט  ו ו ע ג ן  ד ע ם

1 ייִדן רופֿן די צײַט ווען די מוחמדאַנער האָבן געהערשט אין שפּאַניע די גאָלדענע צײַט פֿאַר ייִדן. פֿאַרוואָס ?   איז עס טאַקע געווען אַ גאָל־דענע צײַט ?

2. יהודה הלוי האָט געזאָגט: „איך בין אין מערבֿ און מײַן האַרץ איז אין מזרח״. וואָס באַטײַט עס?



אַ זײַט פֿון מורה נבֿוכים

קאַפּיטל 8

# ייִדן אין מערבֿ־אייראָפּע

## ייִדן אין דער אימפּעריע פֿון קאַרל דעם גרויסן

ניט אַלע ייִדן פֿון רוים זײַנען געקומען קיין שפּאַניע. אַ טייל זײַנען געבליבן אין רוים. אַנדערע זײַנען געקומען קיין פֿראַנקרײַך, אַנדערע — אין די דײַטשישע לענדער דאָרט זײַנען זיי געווען הענדלערס, בעלי־מלאכות און אַ טייל האָבן אַפּילו געלעבט פֿון ערד אַרבעט.

אין אָנהייב האָט זיך ייִדן געלעבט גוט. מען איז געווען פֿרײַנד מיט די ניט־ייִדן. עס האָט זיך אָבער אָנגע־הויבן פֿאַרשפּרייטן דאָס קריסטנטום. די קריסטלעכע גלחים האָבן ניט געוואָלט אַז די קריסטן זאָלן זײַן פֿרײַנד מיט די ייִדן. זיי האָבן געהייסן די הערשערס פֿון דעם לאַנד מאַכן נײַע געזעצן קעגן ייִדן.

די גלחים האָבן געוואָלט, אַז קריסטן זאָלן ניט אַר־בעטן בײַ ייִדן, אַז ייִדן זאָלן ניט קענען וואוינען צווישן

קריסטן און אַז קריסטן זאָלן אַפּילו ניט עסן בײַ ייִדן. ניט אַלע הערשערס האָבן געטאָן וואָס די גלחים האָבן געוואָלט. עס זײַנען געווען שטעט און פּראָווינצן וואו ייִדן האָבן געקענט לעבן ווי פּריִער. עס זײַנען געווען ערטער וואו מע האָט שטרענג דורכגעפּירט די געזעצן וואָס די גלחים האָבן געוואָלט.

אין 768 זײַנען פֿראַנקרײַך, אַ טייל פֿון דײַטשלאַנד און אַ טייל פֿון איטאַליע געוואָרן איין גרויסע אימפּעריע. דער קיניג קאַרל דער גרויסער האָט ניט געפֿאָלגט די גלחים. ער האָט געלאָזט ייִדן לעבן פֿרײַ. אין זײַן צײַט האָבן ייִדן געלעבט אין שטעט. זיי האָבן געבויט נײַע ישיבֿות און שולן. זיי האָבן געהאַט פֿאַרשיידענע פּראָפֿע־סיעס. די אימפּעריע איז געווען גרויס. דאָס איז געווען גוט פֿאַרן האַנדל. אַ סך ייִדן זײַנען געוואָרן הענדלערס. עס איז געווען גרינג פֿאַר ייִדן צו זײַן הענדלערס. וואו זיי זײַנען געקומען, האָבן זיי געטראָפֿן אַנדערע ייִדן וואָס האָבן געקענט אַ ביסל העברעאיש. די ייִדן אין איין לאַנד האָבן געהאָלפֿן אַ ייִדישן סוחר פֿון אַן אַנדער לאַנד. מיט דער צײַט זײַנען ייִדן געוואָרן די הויפּט־סוחרים פֿון אייראָפּע.

די אימפּעריע האָט זיך ניט לאַנג געהאַלטן. נאָך קאַרל דעם גרויסנס טויט האָט מען זי צעטיילט אין קלענערע טעריטאָריעס מיט לאָקאַלע הערשערס. ייִדן זײַנען ווידער געווען אין די הענט פֿון פּרינצן און בישאָפֿן. אַמאָל איז מען געווען גוט צו ייִדן און אַמאָל האָט מען זיי אַרויסגעטריבן פֿון אַ שטאָט אָדער אַ פּראָווינץ. ווען מע האָט אַרויסגעטריבן ייִדן, האָט מען צוגענומען זייער פֿאַרמעגן. עס איז געוואָרן אַ סך שווערער צו זײַן אַ ייִד.

| | |
|---|---|
| קאַרל דער גרויסער | Charlemagne |
| האַנדל | trade |
| הענדלערס | traders, merchants |
| פֿאַרמעגן | property, fortune |

## רבינו גרשום

אין יענער צײַט האָט אין דער שטאָט מײַנץ געלעבט אַ גרויסער געלערנטער מיטן נאָמען גרשום. ער איז געווען דער פֿירער פֿון דער ישיבֿה אין מײַנץ. ער האָט גוט געקענט דעם תּלמוד. ייִדן אין אייראָפּע האָבן דעמאָלט געלעבט לויט די געזעצן פֿון תּלמוד, געשאַפֿן אין ארץ־ישׂראל און אין בבֿל. זיי האָבן איצט געוואוינט אין אַנדערע לענדער און אין אַנדערע צײַטן. רבינו גרשום האָט געזען אַז מע מוז מאַכן נײַע געזעצן. ער האָט אַ סך

געטראַכט וועגן דעם. ער האָט געהאַט אַ סך תּלמידים. ער האָט מיט זיי געלערנט די אַלטע געזעצן און מיט זיי גערעדט וועגן נײַע געזעצן וואָס מע דאַרף שאַפֿן. די תּלמידים האָבן אים זייער ליב געהאַט. זיי האָבן אים גערופֿן רבינו גרשום, וואָס מיינט אונדזער לערער גרשום. אַנדערע ייִדן האָבן אים אויך אַזוי גערופֿן.

ווען ער האָט אַלץ גוט דורכגעטראַכט, האָט רבינו גרשום אַרויסגעגעבן זײַנע נײַע געזעצן. די נײַע געזעצן זײַנען געווען גוט פֿאַר די ייִדן פֿון יענער צײַט.

דעמאָלט איז ניט געווען קיין פּאָסט. ייִדן האָבן אָבער געדאַרפֿט שרײַבן בריוו. זיי האָבן געפֿירט געשעפֿטן מיט אַנדערע ייִדן. זיי האָבן געשריבן וועגן זייערע געשעפֿטן. די בריוו פֿלעגט מען שיקן מיט מענטשן וואָס זײַנען אַרומגעפֿאָרן, אָדער מיט ספּעציעלע מענטשן וואָס פֿלעגן פֿירן בריוו. עס פֿלעגט אָפֿט טרעפֿן אַז דער וואָס האָט געפֿירט דעם בריוו האָט אים געעפֿנט און געלייענט. רבינו גרשום האָט געמיינט אַז דאָס איז ניט גוט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ געזעץ אַז קיינער טאָר ניט לייענען, טאָר אַפֿילו ניט עפֿענען אַ בריוו וואָס איז ניט געשריבן צו אים.



אַ בריוועטרעגער אין רבינו גרשומס צײַטן

נאָך אַ גוט געזעץ האָט רבינו גרשום געשאַפֿן. ביז די צײַטן פֿון רבינו גרשום איז ניט געווען קיין געזעץ בײַ ייִדן אַז מע טאָר ניט האָבן מער ווי איין ווײַב. אין רבינו גרשומס צײַטן זײַנען ניט געווען קיין סך ייִדן וואָס האָבן געהאַט מער ווי איין ווײַב. רבינו גרשום האָט אָבער געטראַכט, אַז עס איז ניט גוט פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק ווען אַ ייִד וועט האָבן מער ווי איין ווײַב. האָט ער געמאַכט אַ געזעץ אַז ייִדן מעגן האָבן נאָר איין ווײַב.

די געזעצן וואָס רבינו גרשום האָט געשאַפֿן זײַנען געווען גוטע. ייִדן האָבן זיי אויסגעפֿאָלגט. עס איז פֿאַר זיי געוואָרן גרינגער צו בלײַבן ייִדן אַ דאַנק רבינו גרשומס געזעצן. זיי האָבן אָנגעהויבן בויען זייערע אייגענע ישיבֿות.

די געזעצן פֿון רבינו גרשום זײַנען געווען פֿאַר די

ייִדן אין פֿראַנקרײַך און אין די דײַטשישע לענדער. זיי זײַנען אויך געבליבן פֿאַר אַלע ייִדן וואָס זײַנען שפּעטער געקומען אין מזרח־אייראָפּע. אָט די אַלע ייִדן רופֿט מען אַשכּנזים. זיי זײַנען דער אַשכּנזישער טייל פֿון אונדזער פֿאָלק. די ייִדן פֿון שפּאַניע און די אַלע וואָס שטאַמען פֿון זיי רופֿט מען ספֿרדים. זיי זײַנען דער ספֿרדישער טייל פֿון אונדזער פֿאָלק. עס זײַנען דאָ קליינע אונטערשיידן צווישן די אַשכּנזישע און ספֿרדישע ייִדן.

## ר ש י

### רשי ווערט געבוירן

נאָך רבינו גרשום האָט אין אייראָפּע געלעבט גאָר אַ גרויסער געלערנטער. ייִדן האָבן אים גערופֿן רשי. ער האָט געהייסן שלמה. זײַן טאַטע האָט געהייסן יצחק. איז זײַן נאָמען געווען רבי שלמה יצחקי, רבי שלמה דער זון פֿון יצחק. די ערשטע אותיות פֿון זײַן נאָמען זײַנען געווען ר, ש, י, — אָדער רשי.

וועגן רשין זײַנען דאָ אַ סך שיינע מעשׂות. עס איז



דאָ אַ מעשׂה ווי רשי איז געבוירן געוואָרן. אין דער דײַטשישער שטאָט וואָרמס האָט געלעבט אַ געלערנטער ייִד מיטן נאָמען יצחק. יצחק איז געווען אָרעם. ער און זײַן ווײַב האָבן ניט געהאַט קיין קינדער. יצחק האָט זייער געוואָלט האָבן אַ זון. איינמאָל איז ער אַרויס פֿון שטאָט. ער האָט געטראַכט וועגן דעם וואָס ער האָט ניט קיין קינדער. ער האָט אויפֿגעהויבן זײַנע אויגן צום הימל און

געבעטן אַז גאָט זאָל אים געבן אַ זון. ווען ער איז צוריק־געגאַנגען אין שטאָט, האָט ער געזען אַ שײַנענדיקע זאַך אויפֿן וועג. ער האָט זיך אײַנגעבויגן און דערזען אַ די־מענט. ער האָט דעם דימענט געוויזן זײַן ווײַב און איר דערציילט ווי אַזוי ער האָט אים געפֿונען. אַ שכן האָט געהערט ווי יצחק דערציילט, וואָס ער האָט געפֿונען — האָט ער עס אַלעמען דערציילט.

דער בישאָף פֿון וואָרמס האָט געבויט אַ נײַע קירך. אין דער קירך האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ סטאַטוע פֿון אַ קריסטלעכן הייליקן. די סטאַטוע איז געווען פֿון גאָלד, באַפּוצט מיט טײַערע שטיינער. ער האָט געוואָלט אַז די סטאַטוע זאָל האָבן צוויי דימענטענע אויגן. ער האָט אָבער געהאַט נאָר איין דימענט. דער בישאָף האָט זיך דערוואוסט וועגן יצחקס דימענט. איז ער געקומען צו יצחקן און אים געזאָגט:

„איך וועל דיר געבן וויפֿל געלט דו ווילסט, נאָר דו מוזסט מיר פֿאַרקויפֿן דײַן דימענט פֿאַר מײַן הייליקער סטאַטוע". יצחק האָט ניט געוואָלט רײַך ווערן פֿון דעם וואָס ער וועט העלפֿן מאַכן אַ סטאַטוע. ער האָט געוואוסט אַז מענטשן וועלן קומען דינען צו דער סטאַטוע.

ער האָט געטראַכט אַז מע טאָר ניט דינען קיין סטאַטוע, נאָר דעם איינציקן גאָט דאַרף מען דינען. האָט ער געזאָגט דעם בישאָף אַז ער קען אים דעם שטיין ניט פֿאַרקויפֿן. דער בישאָף איז געוואָרן אין כּעס. איז ער אַוועק פֿון יצחקן.

יצחק האָט אָבער געוווּסט אַז דער בישאָף וועט באַלד צוריקקומען מיט סאָלדאַטן און צונעמען ביי אים דעם דימענט. ער האָט גענומען דעם שטיין און איז אַוועק צום טייַך ריין. ער האָט דעם דימענט אַרייַנגעוואָרפֿן אין וואַסער. ער האָט דערהערט אַ שטים פֿון הימל: „וויַיל דו האָסט אַוועקגעוואָרפֿן דעם דימענט, וועסטו האָבן אַ זון וואָס וועט שייַנען איבער ייִדן אַ סך שטאַרקער ווי אַלע דימענטן אין דער וועלט". יצחק האָט זיך דערפֿרייט. ער איז אַהיימגעקומען און דערציילט זיַין וויַיב וואָס ער האָט געטאָן. זיי זיַינען אַוועק אין דער שטאָט טרואַ, וויַיל יצחק האָט מורא געהאַט פֿאַר דעם בישאָף פֿון וואָרמס. אין טרואַ איז אין יאָר 1040 טאַקע געבוירן געוואָרן אַ זון. יצחק האָט אים אַ נאָמען געגעבן שלמה.

| | |
|---|---|
| קירך | church |
| באַפּוצט | decorated |

# רשי וואַנדערט

ווען שלמה איז אויסגעוואַקסן, האָט ער געלערנט זייער גוט לערנען. ווען ער איז געווען 15 יאָר אַלט, איז שוין ניט געווען קיין לערער פֿאַר אים. ער איז אַוועק פֿון טרואַ. ער איז געגאַנגען אין אַנדערע שטעט זיך לערנען. אַ לאַנגע צײַט האָט שלמה געוואַנדערט. ער האָט געלערנט אין די ישיבֿות פֿון אייראָפּע. ער איז געווען אין דער ישיבֿה פֿון רבינו גרשום. דאָרט האָט ער אַ סך געלערנט.

עס איז דאָ אַ מעשׂה וועגן רשיס וואַנדערונגען. איינמאָל האָט רשי זיך געטראָפֿן מיט אַ גלח. דער גלח האָט אַ סך גערעדט מיט רשין וועגן רעליגיע. דער גלח איז קראַנק געוואָרן. ער איז געווען אַ פֿרעמדער אין דער שטאָט. די מענטשן פֿון שטאָט האָבן אים ניט געוואָלט העלפֿן. איז רשי געקומען צו אים. ער האָט אים געגעבן עסן און מעדיצין און אים געהאָלפֿן געזונט ווערן. ווען דער גלח איז געזונט געוואָרן האָט ער געזאָגט: „איך האָב ניט געגלייבט אַז אַ ייִד קען זײַן אַזוי גוט צו אַ קריסט. וואָס קען איך טאָן פֿאַר דיר?"

— „דו דאַרפֿסט פֿאַר מיר גאָרניט טאָן" — האָט

רשי געענטפֿערט. — „איך וויל דיך נאָר בעטן איין זאַך: זײַ אַלעמאָל גוט צו ייִדן. העלף זיי, ווען זיי זײַנען אין אַ צרה".

רשי איז געוואָרן אַ גרויסער געלערנטער. ער איז געקומען אין דער שטאָט פּראָג. אין פּראָג האָבן געוואוינט ייִדן. ווען רשי איז געקומען צו זיי, האָבן זיי זיך זייער דערפֿרייט. זיי האָבן געמאַכט אַ גרויסע שׂמחה. דער הערשער פֿון פּראָג האָט זיך דערוואוסט אַז ייִדן פֿרייען זיך. ער האָט געהערט אַז רשי איז אַ גרויסער פֿירער בײַ ייִדן. ער האָט געוואָלט ווײַזן אַז די ייִדישע רעליגיע טויג ניט און אַז זייער גרויסער געלערנטער קען גאָרניט. האָט ער געהייסן מע זאָל אַרעסטירן רשין.

מע האָט רשין געבראַכט אין פּאַלאַץ פֿון הערשער. דערנאָך האָט מען געשיקט נאָך דעם גרעסטן קריסטלעכן געלערנטן פֿון פּראָג. דאָס איז געווען דער בישאָף פֿון פּראָג. ווען דער בישאָף איז געקומען, האָט דער הערשער אים געזאָגט: „ווײַז דעם נאַרישן ייִד אַז ער פֿאַרשטייט גאָרניט". אָבער דער בישאָף האָט גאָרניט געזאָגט. ער איז צוגעגאַנגען צו רשין און אים געדריקט די האַנט. דער הערשער האָט געזען ווי דער בישאָף און רשי רעדן

איינער מיטן אַנדערן ווי גוטע פֿרײַנד. ער האָט ניט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָ איז.

באַלד האָט אים אָבער דער בישאָף געזאָגט: „דו מוזסט באַפֿרײַען דעם ייִדן. ער האָט געראַטעוועט מײַן לעבן".

דאָס איז געווען דער גלח וואָס רשי האָט אים געהאָלפֿן געזונט ווערן. דער הערשער האָט רשין באַפֿרײַט. די ייִדן אין פּראָג האָבן זיך זייער געפֿרייט. אַזוי לאַנג ווי דער בישאָף האָט געלעבט, איז ער אַלעמאָל געווען גוט צו ייִדן. די ייִדן האָבן געקענט לעבן רואיק אין פּראָג.

## רשי דער לערער

אין פּראָג האָט רשי חתונה געהאַט מיט דער שיינער טאָכטער פֿון דעם פֿירער פֿון די ייִדן אין פּראָג. דערנאָך איז ער צוריקגעקומען אין טרואַ. דאָרט האָט ער געעפֿנט אַ ישיבֿה. צו אים זײַנען געקומען אַ סך תּלמידים. רשי האָט מיט זיי געלערנט די תּורה און דעם תּלמוד. ער האָט געזען ווי שווער עס איז צו לערנען די ייִדישע הייליקע ספֿרים. האָט ער באַשלאָסן, אַז ער וועט אַלץ לערנען אַזוי קורץ און קלאָר ווי מע קען נאָר. ייִדן אין גאַנץ אייראָפּע האָבן געוואוסט אַז רשי איז אַ גרויסער

געלערנטער. ווען מע האָט עפּעס ניט פֿאַרשטאַנען אין די ייִדישע געזעצן, האָט מען געפֿרעגט רשין. רשי האָט אויף אַלץ געענטפֿערט קלאָר און קורץ.

רשי האָט ניט געלעבט פֿון דעם וואָס ער האָט געלערנט מיט תּלמידים. ער האָט געהאַט אַ ווײַנגאָרטן. ער האָט פֿאַרקויפֿט די ווײַנטרויבן און דעם ווײַן פֿון די ווײַנטרויבן. פֿון דעם האָט ער געלעבט.

רשי האָט קיין זין ניט געהאַט. ער האָט געהאַט דרײַ טעכטער. די טעכטער זײַנען אַלע געווען געלערנטע. זיי האָבן חתונה געהאַט מיט רשיס תּלמידים. די מענער פֿון זײַנע טעכטער און שפּעטער זײַנע אייניקלעך האָבן געהאָלפֿן רשין אין זײַן אַרבעט אַז ייִדן זאָלן בעסער פֿאַרשטיין וואָס עס שטייט געשריבן אין דער תּורה און דעם תּלמוד. ווען רשי איז געשטאָרבן, האָבן זיי פֿאַרענדיקט זײַן אַרבעט.

עס איז געווען זייער שווער צו לערנען דעם תּלמוד. דער תּלמוד איז אויף אַראַמיש, אַ שפּראַך וואָס ייִדן אין אייראָפּע האָבן שוין ניט פֿאַרשטאַנען. אין תּלמוד רעדט זיך וועגן זאַכן וואָס זײַנען שווער צו פֿאַרשטיין. רשי האָט געאַרבעט אַ סך יאָרן און האָט אָנגעשריבן אַ דערקלערונג צו אַלע שווערע ווערטער און אַלע שווערע שטעלן אין

תּלמוד. די דערקלערונג איז געשריבן אין אַ פּשוטן און קלאָרן העבּרעאיש. רשי האָט אַלץ דערקלערט מיט ווייניק ווערטער. דעריבער האָט מען שפּעטער געזאָגט: אין רשיס צײַטן איז טינט געווען טײַערער ווי גאָלד. אַ דאַנק רשיס דערקלערונג איז געוואָרן אַ סך גרינגער צו לערנען דעם תּלמוד. דער תּלמוד איז געוואָרן נאָך וויכטיקער און ניצלעכער פֿאַר ייִדן.

ייִדן האָבן אויך אַלעמאָל געלערנט חומש און אַנדערע טיילן פֿון תּנך. אין די צײַטן פֿון די תּנאים און פֿון די אַמוראים און נאָך שפּעטער זײַנען צוגעקומען פֿאַרשיידענע דערקלערונגען צום תּנך. עס זײַנען צוגעקומען אויך שיינע מעשׂות. רשי האָט אָנגעשריבן דערקלערונגען צום תּנך. האָט מען געקאָנט לערנען דעם חומש און דעם גאַנצן תּנך מיט רשיס דערקלערונגען. פֿאַר יונגע קינדער און אַפֿילו פֿאַר דערוואַקסענע מענטשן איז איצט געוואָרן אינטערעסאַנטער צו לערנען חומש און דעם גאַנצן תּנך.

רשי האָט זייער אַ סך אויפֿגעטאָן. מיט זײַנע דער־קלערונגען איז גרינגער געוואָרן צו לערנען די תּורה און דעם תּלמוד.

שטעלן — points

## די קרייצצוגן

אין די לעצטע יאָרן פֿון רשיס לעבן איז גע־קומען זייער אַ שלעכטע צײַט פֿאַר ייִדן אין אייראָפּע. די צײַט האָט געדויערט אַן ערך 200 יאָר. די צרות האָבן זיך אָנגעהויבן איבער דער ייִדישער שטאָט ירושלים. ירושלים איז געווען אַ הייליקע שטאָט ניט נאָר בײַ ייִדן, נאָר בײַ קריסטן אויך. די מוחמדאַנער האָבן פֿאַרכאַפּט ארץ־ישׂראל. ווען קריסטן האָבן געוואָלט קומען קיין ירושלים, וואו קריסטוס איז געשטאָרבן, האָבן אַראַבער זיי ניט צוגע־לאָזט. האָבן אַלע קריסטלעכע לענדער פֿון אייראָפּע זיך פֿאַראייניקט צו פֿירן מלחמה מיט די מוחמדאַנער און צונעמען פֿון זיי ארץ־ישׂראל.

אין יאָר 1096 האָט דער פּויפּסט, דער פֿירער פֿון די קריסטן, דערקלערט אַ הייליקע מלחמה. פֿון פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד, דײַטשלאַנד און איטאַליע האָבן זיך קריסטן אָנגעשלאָסן אין אַן אַרמיי. זיי האָבן געטראָגן רויטע קרייצן אויף זייערע קליידער און דעריבער האָט מען זיי גערופֿן קרייצטרעגערס. די מלחמה האָט מען גערופֿן קרייצצוג. רויבערס, גנבֿים און מענטשן וואָס האָבן געוואָלט רײַך ווערן זײַנען אויך געוואָרן קרייצטרעגערס.

זיי האָבן ניט אַזוי געוואָלט באַפרײַען ארץ־ישׂראל פֿון די מוחמדאַנער, ווי זיי האָבן געוואָלט רויבן, הרגנען און קריגן מער מאַכט.



קרייצטרעגערס

אַ סך, אַ סך פֿון דעם מין קריסטן האָבן זיך צונויפֿגעקליבן. זיי זײַנען געגאַנגען אויף ארץ־ישׂראל. אויפֿן וועג האָבן זיי געדאַרפֿט דורכגיין אַ סך שטעט וואו עס האָבן געוואוינט ייִדן. האָבן זיי געטראַכט: מיר פֿאָרן פֿירן מלחמה מיט ניט־קריסטן און צונעמען בײַ זיי אַלץ וואָס זיי האָבן. צו וואָס דאַרפֿן מיר פֿאָרן אַזוי ווײַט? דאַ

וואוינען אויך ניט־קריסטן. לאָמיר פֿריִער ביַי זיי אַלץ צונעמען. לאָמיר זיי פֿריִער אויסהרגענען.

אַזוי האָבן זיי טאַקע געטאָן. ווען זיי זיַינען געקומען אין אַ שטאָט וואו עס האָבן געוואוינט ייִדן, האָבן זיי אַוועקגערויבט אַלץ וואָס ייִדן האָבן געהאַט. די ייִדן האָט מען געזאָגט אַז זיי מוזן ווערן קריסטן. ווען ייִדן האָבן ניט געוואָלט, האָט מען זיי געטייט. אין אַ צאָל שטעט האָבן ייִדן געקעמפֿט מיט די קרייצטרעגערס. אָבער עס זיַינען געווען צו ווייניק ייִדן און צו פֿיל קרייצטרעגערס. די קרייצטרע־גערס האָבן אומעטום געזיגט און געטייט זייער אַ סך ייִדן. עס זיַינען געווען בישאָפֿן און פֿרינצן וואָס האָבן באַהאַלטן די ייִדן פֿון די קרייצטרעגערס. די ייִדן האָבן זיך געראַ־טעוועט. געציילטע ייִדן האָבן זיך געראַטעוועט דורך דעם וואָס זיי האָבן אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. זיי זיַי־נען אָבער צוריק געוואָרן ייִדן, ווען די קרייצטרעגערס זיַינען אַוועק.

עס זיַינען געווען דריַי גרויסע קרייצצוגן און נאָך עטלעכע קלענערע. ביַי יעדן קרייצצוג האָבן ייִדן זייער אַ סך געליטן. כמעט אַלע ייִדן זיַינען געבליבן געטריַי זייער גלויבן. אַ סך ייִדן זיַינען אומגעקומען אויף קידוש־

השם (געשטאָרבן פֿאַר זייער גלויבן). עס זײַנען געווען אַ סך פֿאַלן, ווען ייִדן האָבן זיך אַליין געטייט, כּדי ניט אַרײַנצופֿאַלן אין די הענט פֿון די ווילדע קרייצטרעגערס און מע זאָל זיי ניט צווינגען זיך צו שמדן. עס איז געווען איינע פֿון די ערגסטע צײַטן אין דער גאַנצער ייִדישער געשיכטע.

| | |
|---|---|
| perished | אומגעקומען |
| convert from Judaism | שמדן |

## נײַע גרויסע צרות

די ייִדן וואָס זײַנען געבליבן לעבן נאָך די קרייצצוגן האָבן ווײַטער געליטן. פֿריִער, פֿאַר די קרייצ־צוגן, האָט מען געלאָזט די ייִדן לעבן רואיק, ווײַל מע האָט זיי געדאַרפֿט. זיי זײַנען געווען די סוחרים און די בעלי־מלאכות אין די אייראָפּעאישע לענדער. נאָך די קרייצצוגן האָט זיך דאָס לעבן אין אייראָפּע געביטן. קריסטן, וואָס זײַנען אַלעמאָל געבליבן אין זייערע אייגענע לענדער, האָבן זיך באַקענט מיט דער וועלט. זיי האָבן אָנגעהויבן האַנד־לען. זיי זײַנען געוואָרן בעלי־מלאכות. זיי האָבן ניט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן קאָנקורירן מיט זיי. האָבן די קריסטן געמאַכט שלעכטע געזעצן פֿאַר ייִדן. אַלע ייִדן אין אַ שטאָט מוזן וואוינען צוזאַמען אין עטלעכע גאַסן פֿון שטאָט, באַזונדער

פֿון די קריסטן. אַרום די די גאַסן האָט מען אויפֿגעבויט אַ וואַנט. אין וואַנט האָט מען אַרײַנגעשטעלט אַ טויער. בײַנאַכט האָט מען פֿאַרשלאָסן דעם טויער און ניט אַרויס־געלאָזט די ייִדן. ייִדן האָבן בלויז געקענט אַרויסגיין מיט דער דערלויבעניש פֿון הערשער. די גאַסן הינטער דער וואַנט האָט מען גערופֿן געטאָ. ייִדן האָבן געמוזט וואוינען אין געטאָס.

דאָס איז אָבער ניט געווען אַלץ. כּדי קריסטן זאָלן וויסן ווער עס איז אַ ייִד, האָט מען געמאַכט אַ געזעץ אַז ייִדן מוזן טראָגן אויף זיך אַ געלע לאַטע. אויב מע האָט געכאַפּט אַ ייִדן און ער האָט ניט געטראָגן קיין געלע לאַטע, האָט מען אים באַשטראָפֿט. אין ענגלאַנד און שפּעטער אין פֿראַנקרײַך, האָט מען אַרויסגעטריבן אַלע ייִדן און צוגע־נומען זייערע הײַזער און פֿאַרמעגנס. עס איז געווען אַ שרעקלעכע צײַט.

דאָך זײַנען ייִדן געבליבן ייִדן. זיי האָבן מער ניט געטאָרט זײַן סוחרים. קריסטן האָבן מער ניט געקויפֿט בײַ די ייִדישע בעלי־מלאכות. ייִדן האָבן ניט געטאָרט באַאַר־בעטן לאַנד. אָבער ייִדן האָבן ווײַטער געלעבט. די רײַכע סוחרים האָבן געבאָרגט קריסטן געלט און גערעכנט



דער ייִד מיט דעם
שפּיציקן הוט



דער ייִד מיט דער
געלער לאַטע

פּראָצענט. דאָס איז געווען די איינציקע אַרבעט וואָס זיי האָבן געקענט טאָן. די ייִדן זײַנען געווען די ערשטע באַנקירן אין אייראָפּע. די אָרעמע ייִדן האָבן געהאַנדלט מיט פֿאַרשיידענע זאַכן. אַ סך האָבן געקויפֿט און פֿאַרקויפֿט אַלטע קליידער. דער גרעסטער טייל ייִדן אין אייראָפּע איז געווען זייער, זייער אָרעם.

די קריסטן וואָס האָבן פֿײַנט געהאַט ייִדן זײַנען נאָך אַלץ ניט געווען צופֿרידן. מע האָט אויסגעטראַכט פֿאַר־שיידענע ליגנס וועגן ייִדן. איין ליגן איז געווען, אַז ייִדן הרגענען קריסטן און ניצן זייער בלוט צו באַקן מצות אויף פּסח. ייִדן האָבן אַ סך געליטן פֿון דעם ליגן. ווען מע האָט געפֿונען אַ טויט קריסטלעך קינד, האָט מען געזאָגט אַז ייִדן האָבן דאָס געטאָן. מע האָט אַרעסטירט די פֿירערס פֿון די ייִדן אין אַזאַ שטאָט און זיי געטייט.

מע האָט אויסגעטראַכט נאָך אַ ליגן וועגן ייִדן. אין 1348 זײַנען אַ סך מענטשן קראַנק געוואָרן פֿון אַ קראַנקייט וואָס די קרייצטרעגערס האָבן אַרײַנגעבראַכט אין אייראָפּע. די עפּידעמיע האָט מען גערופֿן דער שוואַרצער טויט. זייער אַ סך מענטשן זײַנען געשטאָרבן פֿון דער קראַנקייט. ייִדן זײַנען אויך קראַנק געוואָרן, אָבער די קריסטן האָבן געזאָגט אַז ייִדן האָבן געבראַכט די קראַנקייט. זיי האָבן געזאָגט אַז ייִדן האָבן פֿאַרסמט די ברינעמער וואו מע האָט גענו־מען וואַסער. מע האָט געטייט אַ סך ייִדן אין יענער צײַט.

אין די דײַטשישע לענדער וואו עס האָבן געלעבט אַ סך ייִדן איז איצט געוואָרן אַזוי שווער צו לעבן, אַז אַ צאָל ייִדן האָבן געמוזט אַוועק קיין מזרח־אייראָפּע. דאָרט

האָבן זיי געקענט לעבן רואיק. דאָרט זײַנען ניט געווען קיין קריסטלעכע סוחרים און קיין קריסטלעכע בעלי־מלאכות. דאָרט האָט מען געדאַרפֿט האָבן די ייִדן. זײַנען אַ סך ייִדן אַוועק אַהין און אָנגעהויבן בויען אַ נײַעם ייִדישן צענטער.

| | |
|---|---|
| to compete | קאָנקורירן |
| patch | לאַטע |
| interest, percent | פּראָצענט |
| wells | ברינעמער |



אַ וויכּוח צווישן רבנים און גלחים

# די ייִדישע שפּראַך

אין די אַלע לענדער פֿון מערבֿ־אייראָפּע האָבן אַ סך ייִדן געקענט העברעאיש. זיי האָבן אָבער ניט גע־רעדט קיין העברעאיש. העברעאיש איז געווען די הייליקע שפּראַך, לשון־קודש. אויף לשון־קודש האָט מען געדאַוונט, מע האָט געלערנט חומש און די געלערנטע האָבן געשריבן ספֿרים אויף לשון־קודש. אין די לענדער וואו ייִדן האָבן געוואוינט האָבן זיי גערעדט אויף דער שפּראַך פֿון דעם לאַנד אָדער אַ ביסל אַנדערש ווי עס איז געווען די שפּראַך פֿון לאַנד.

ייִדן זײַנען געקומען אין די דײַטשישע לענדער פֿון פֿראַנקרײַך און פֿון איטאַליע. האָבן זיי צווישן זיך גערעדט די שפּראַך פֿון די לענדער. איצט האָבן זיי געדאַרפֿט זיך אויסלערנען דאָס דײַטש וואָס מע האָט דעמאָלט גערעדט. אָבער ייִדן האָבן אַרויסגערעדט די ווערטער אַ ביסל אַנ־דערש ווי די דײַטשן. זיי האָבן אויך אַרײַנגעמישט ווערטער פֿון זייערע פֿריִערדיקע שפּראַכן.

ווען ייִדן האָבן גערעדט צווישן זיך, האָבן זיי אויך גערעדט וועגן זאַכן וואָס האָבן צו טאָן נאָר מיט ייִדן. זיי האָבן גערעדט וועגן לערנען תורה, וועגן ייִדישע דינים.

זיי האָבן גערעדט וועגן יום־טובֿים, וועגן אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיטן ייִדישן לעבן. די אַלע ווערטער האָבן זיי גע־נומען פֿון העברעאיש.

אויף יעדער ייִדישער גאַס פֿון די דײַטשישע שטעט זײַנען געווען ייִדן פֿון פֿאַרשיידענע ערטער אין די דײַטשישע לענדער. האָבן ייִדן אָנגעהויבן רעדן אַנדערש ווי די דײַטשן פֿון זייער אָרט. ייִדן האָבן געלעבט אָפּגעטיילט פֿון ניט־ייִדן. איז געוואָרן בײַ ייִדן אַן אַנדער שפּראַך, איז געבוירן געוואָרן ייִדיש.

שפּעטער, ווען ייִדן זײַנען אַוועק אין די לענדער פֿון מזרח־אייראָפּע, האָבן זיי מיטגענומען ייִדיש. אין מזרח־אייראָפּע האָבן זיי אַרײַנגענומען ווערטער פֿון די מזרח־אייראָפּעאישע שפּראַכן. ייִדיש איז געוואָרן נאָך מער אַנדערש פֿון דײַטש. ייִדיש איז געוואָרן די שפּראַך פֿון אַלע ייִדן וואָס האָבן געלעבט אין די דײַטשישע לענדער און אין מזרח־אייראָפּע. ייִדיש איז געוואָרן די שפּראַך פֿון אַלע אַשכּנזישע ייִדן.

ווי אַזוי ייִדיש איז געוואָרן די שפּראַך פֿון מיליאָנען ייִדן אין מזרח־אייראָפּע וועלן מיר לערנען שפּעטער. דער־ווײַל לאָמיר זען וואָס עס איז ווײַטער געשען מיט די ייִדן אין שפּאַניע.

## פראַגעס

1. פֿון וואַנען זײַנען ייִדן געקומען קיין מערבֿ־אייראָפּע ?
2. ווי האָט זיך ייִדן געלעבט אין די צײַטן פֿון קאַרל דעם גרויסן ?
3. דערצייל וועגן צוויי וויכטיקע געזעצן וואָס רבינו גרשום האָט געשאַפֿן.
4. וואָס האָט רשי אויפֿגעטאָן ?
5. פֿאַרוואָס איז די צײַט פֿון די קרייצצוגן געווען אַ שלעכטע צײַט פֿאַר ייִדן ?
6. וואָס מיינט קידוש־השם ?
7. פֿון וואָס האָבן ייִדן געלעבט נאָך די קרייצצוגן ?
8. וואָס פֿאַר אַ ליגנס האָט מען אויסגעטראַכט אויף ייִדן ?
9. וואָס הייסט לעבן אין אַ געטאָ ?
10. ווי אַזוי איז אויפֿגעקומען די ייִדישע שפּראַך ?

## טראַכט וועגן דעם

1. דאָרטן וואו דאָס קריסטנטום האָט זיך פֿאַר־שפּרייט איז פֿאַר ייִדן שווערער געוואָרן דאָס לעבן. פֿאַרוואָס איז עס געווען אַזוי ? פֿאַרוואָס

האָבן די קריסטלעכע גלחים געזאָגט די הער־
שערס, מע זאָל אײַנפֿירן געזעצן קעגן די ייִדן ?

2. די קרײַצצוגן האָבן געביטן דאָס לעבן אין אײ־
ראָפּע. מע האָט געטראָגן בעסערע קליידער, מע
האָט בעסער געגעסן. פֿאַרוואָס איז דאָס לעבן
פֿון ייִדן געוואָרן ערגער ?

3. רבינו גרשום און רשי האָבן געהאָלפֿן, אַז ייִדן
זאָלן בעסער קענען פֿאַרשטיין די אַלטע ייִדישע
געזעצן און לעבן לויט זיי. פֿאַרוואָס איז דאָס
געווען וויכטיק ?



מע צווינגט ייִדן צו הערן אַ שמד־דרשה

קאַפּיטל 9

# ייִדן אין דער קריסטלעכער שפּאַניע

## ייִדן אין צפֿון־שפּאַניע

די מוחמדאַנער האָבן קיינמאָל ניט איינגענו־מען גאַנץ שפּאַניע. צפֿון־שפּאַניע איז געבליבן בײַ די קריסטן. ייִדן האָבן אויך געלעבט אין צפֿון־שפּאַניע. פּונקט אַזוי ווי אין מוחמדאַנישער שפּאַניע, האָט זיך די ייִדן געלעבט גוט. עס זײַנען אַפּילו געווען ייִדישע מיניס־טאָרן בײַ די קריסטלעכע קיניגן. ייִדן האָבן זיך פֿאַרנומען מיט האַנדל און ערד־אַרבעט. זיי האָבן אויך געלערנט די ייִדישע געזעצן.

ייִדישע געלערנטע האָבן איבערגעזעצט ביכער וועגן וויסנשאַפֿט און מאַטעמאַטיק פֿון אַראַביש אויף לאַטײַן. זיי האָבן געבראַכט צו די קריסטלעכע פֿעלקער דאָס וויסן פֿון יענער צײַט. ייִדן זײַנען געפֿאָרן צו ייִדן אין אַנדערע

לענדער פֿון אייראָפּע. האָבן זיי פֿאַרבונדן לאַנד מיט לאַנד. ייִדן האָבן געהאָלפֿן אַרײַנברענגען דאָס נײַע וויסן אין אַזעלכע לענדער ווי פֿראַנקרײַך, איטאַליע און דײַטשלאַנד. אין יענע לענדער האָט מען ניט קיין סך געקענט און מע האָט ווייניק געלערנט. די ייִדן האָבן געהאָלפֿן פֿאַרשפּרייטן קולטור אין יענע לענדער. אַפֿילו די ציפֿערן וואָס מיר אַלע ניצן, די אַראַבישע ציפֿערן, האָבן ייִדן אַרײַנגעבראַכט אין אייראָפּע.

די קריסטן אין שפּאַניע זײַנען געוואָרן שטאַרקער. זיי האָבן זיך פֿאַראייניקט. זיי האָבן אָנגעהויבן פֿירן מלחמה מיט די אַראַבער פֿון דרום. די אַראַבער זײַנען געווען צע־טיילט צווישן זיך. זיי האָבן אָנגעהויבן פֿאַרלירן מער און מער לאַנד פֿון שפּאַניע צו די קריסטן. די קריסטלעכע קיניגן זײַנען געווען גוט צו ייִדן.

## די קאַטוילישע קירך טוט אָן צרות די ייִדן

די קיניגן האָבן אָבער ניט געקענט טאָן אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט. די קריסטלעכע רעליגיע האָט געהאַט אַן אָרגאַניזאַציע. דער הויפּט פֿון דער אָרגאַני־זאַציע איז געווען דער פּויפּסט. ער האָט געלעבט אין רוים. אין יעדער לאַנד זײַנען געווען זײַנע מענטשן וואָס

האָבן געהיט די קריסטלעכע רעליגיע. זיי האָבן געהייסן קאַרדינאַלן. אונטער די קאַרדינאַלן זײַנען געווען די בישאָפֿן. אונטער די בישאָפֿן זײַנען געווען די גלחים און די מאָנאַכן. די גאַנצע אָרגאַניזאַציע רופֿט מען די קאַ־טוילישע קירך.

די קירך איז כּסדר געוואָרן שטאַרקער און וויכטיקער אין שפּאַניע. די גלחים און מאָנאַכן זײַנען ניט געווען צופֿרידן מיט דעם וואָס ייִדן לעבט זיך גוט אין לאַנד. זיי האָבן געוואָלט, אַז אַלע ייִדן זאָלן ווערן קריסטן, אַז אַלע זאָלן זיי פֿאָלגן. זיי זײַנען געגאַנגען אין די שטעט און גערעדט קעגן די ייִדן. די קריסטן פֿון די שטעט האָבן געזען אַז ייִדן האָבן שיינע הײַזער און שיינע קליידער. זיי אַליין זײַנען געווען אָרעם. זיי האָבן ניט געטראַכט, אַז ייִדן אַרבעטן שווער און גיבן ניט אויס זייער געלט אויף נאַרישקייטן. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו די גלחים. אין 14טן יאָרהונדערט זײַנען קריסטן אָנגעפֿאַלן אין אַ צאָל שטעט אויף ייִדן. מע האָט געהרגעט ייִדן, צוגענומען זייער געלט און זייערע הײַזער. ייִדן האָבן מורא געהאַט. אַ טייל ייִדן זײַנען געוואָרן קריסטן. אַזעלכע ייִדן האָט מען גערופֿן „נײַע קריסטן‟.

# די אַנוסים

די „נײַע קריסטן“ זײַנען ניט געוואָרן קיין אמתע קריסטן. דער גרעסטער טייל איז געבליבן בײַם ייִדישן גלויבן. אין גאַס, ווען מע האָט זיי געקענט זען, זײַנען זיי געווען קריסטן, אָבער אין דער היים זײַנען זיי געבליבן ייִדן. זיי פֿלעגן פּײַערן ייִדישע יום־טובֿים, היטן שבת און לערנען זייערע קינדער ייִדישקייט. זיי האָבן דאָס אָבער געדאַרפֿט טאָן ווען קיינער האָט ניט געזען.

די גלחים און קריסטן וואָס האָבן פֿײַנט געהאַט ייִדן זײַנען ניט געווען צופֿרידן מיט די „נײַע קריסטן“. מע האָט זיי אָנגעהויבן רופֿן מאַראַנאָס, וואָס מיינט אויף שפּאַניש חזירים. מע האָט אָבער גאָרניט געקענט טאָן קעגן זיי. די הערשערס האָבן געדאַרפֿט האָבן די „נײַע קריסטן“ צו פֿירן האַנדל, אײַנצומאָנען שטײַערן, צו מאַכן געווער פֿאַר די אַרמייען וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט די אַראַבער.

ניט אַלע ייִדן זײַנען געוואָרן נײַע קריסטן. אין אַ טייל שטעט פֿון שפּאַניע האָבן ייִדן נאָך געקענט בלײַבן ייִדן. די ייִדן האָבן גערופֿן די נײַע קריסטן אַנוסים, דאָס מיינט מענטשן וואָס מע האָט זיי געצוואונגען צו בײַטן זייער רעליגיע.

# די אינקװיזיציע

די קריסטלעכע הערשערס האָבן געזיגט אין דער מלחמה מיט די אַראַבער. בלויז איין טייל פֿון שפּאַניע איז נאָך געבליבן ביי די אַראַבער. צוויי גרויסע טיילן פֿון שפּאַניע האָבן זיך פֿאַראייניקט, װען פֿערדינאַנד פֿון אַראַגאָן האָט חתונה געהאַט מיט איזאַבעלאַ פֿון קאַסטיליע. די קיניגין איזאַבעלאַ האָט פֿיינט געהאַט ייִדן. די קאַ־טוילישע קירך האָט געהאַט אַן אָפּטיילונג װאָס האָט ספּע־



מע פֿאַרברענט אַנוסים

ציעל געזוכט קריסטן וואָס פֿאָלגן ניט די געזעצן פֿון דער קירך. די אָפּטיילונג האָט געהייסן אינקוויזיציע.

די גלחים האָבן געזאָגט דער קיניגין, זי זאָל לאָזן די אינקוויזיציע אויסגעפֿינען צי די אַנוסים זײַנען טאַקע אמתע קריסטן. די קיניגין האָט געלאָזט די אינקוויזיציע טאָן וואָס זי וויל.

די אינקוויזיציע האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אין שפּאַניע. זי האָט אָנגעזאָגט אַלע קריסטן אַז זיי זאָלן זען וואָס די אַנוסים טוען. אויב זיי וועלן זען אַז אַ געוועזענער ייִד פֿײַערט אַ ייִדישן יום־טובֿ, אָדער טוט עפּעס וואָס אַ ייִד דאַרף טאָן, זאָלן זיי גלײַך אָנזאָגן דער אינקוויזיציע.

די אינקוויזיציע איז געווען אַ געריכט. דאָס איז אָבער געווען אַ שלעכט געריכט. ווען עמעצער איז געקומען פֿאַר דעם געריכט, האָט מען אים געפֿרעגט, צי ער איז אַ גוטער קריסט. אויב ער האָט געזאָגט ניין, האָט מען אים פֿאַר־משפּט צום טויט דורך פֿאַרברענען. אויב ער האָט געזאָגט יאָ, האָט מען אים שרעקלעך געפּײַניקט, אַזוי לאַנג ביז דער מענטש האָט געזאָגט, אַז ווען קיינער זעט ניט איז ער אַ ייִד. האָבן אים די ריכטערס געפֿרעגט צי זײַנע פֿרײַנד זײַנען אויך געהיימע ייִדן. אויב ער האָט געזאָגט

ניין, האָט מען אים ווײַטער געפּײַניקט. האָט ער שוין גע־
זאָגט, אַז זײַנע פֿרײַנד זײַנען אויך ניט קיין אמתע קריסטן.
מען האָט אים אָבער דאָך פֿאַרמשפּט פֿאַרבּרענט צו ווערן.
מען האָט ניט געגלייבט אַז ער איז אַ געטרײַער קריסט.
מען האָט אים מיט גרויס פּאַראַד פֿאַרבּרענט אין גאַס. אַ
סך מענטשן זײַנען געקומען זען ווי די פֿאַרמשפּטע ברע־
נען. די גלחים האָבן צוגענומען אַלץ וואָס דער פֿאַרבּרענ־
טער האָט געהאַט. זיי האָבן גענומען זײַן געלט, זײַן הויז,
זײַן לאַנד, אַלץ האָבן זיי צוגענומען.



מע פּײַניקט אַנוסים

אַזוי זײַנען אַ סך אַנוסים געשטאָרבן. אַפּילו אַזעלכע וואָס זײַנען טאַקע געוואָרן אמתע קריסטן האָט די אינקוויזיציע אויך געכאַפּט, געפּײַניקט און פֿאַרברענט. פֿאַר די אַנוסים איז דאָס געווען אַ שרעקלעכע צײַט. אָבער וואָס מער די אינקוויזיציע האָט געפּײַניקט און פֿאַרברענט, אַלץ מער האָבן זיך די אַנוסים געהאַלטן בײַ זייער ייִדישקייט. אין קעלערן און אין היילן פֿלעגן זיי פּסח פּראַווען אַ סדר, שטילערהייט האָבן זיי געדאַוונט. זיי האָבן געלערנט זייערע קינדער ייִדישקייט אין געהיים. ניט אַלע אַנוסים זײַנען געבליבן אין שפּאַניע. אַ טייל זײַנען אַוועק אין איטאַליע, צפֿון־אַפֿריקע און פּאָרטוגאַל. דאָרט האָבן זיי דערווײַל געקענט לעבן רויִק.

פֿאַר די ייִדן וואָס זײַנען ניט געוואָרן קיין קריסטן איז די צײַט אויך געווען אַ שלעכטע. גלחים פֿלעגן קומען אין די שולן און צווינגען ייִדן צו ווערן קריסטן. זיי פֿלעגן כאַפּן ייִדישע קינדער און זיי מאַכן פֿאַר קריסטן. זיי האָבן געזאָגט אַז ייִדישע דאָקטוירים הרגענען זייערע קריסטלעכע פּאַציענטן. דאָס לעבן פֿון ייִדן איז געווען שווער. דער פֿירער פֿון דער אינקוויזיציע איז געווען אַ שלעכטער גלח מיטן נאָמען טאָרקוועמאַדאָ. ער האָט געוואָלט אויס־

הרגענען אַלע אַנוסים און ייִדן. ער איז געקומען צו דעם קיניג פֿערדינאַנד מיט אַ פּלאַן: זאָל מען אַרויסטרייַבן אַלע ייִדן פֿון שפּאַניע און צונעמען אַלץ וואָס זיי האָבן. דער קיניג האָט וועגן דעם געטראַכט.

| | |
|---|---|
| אָפּטיילונג | department, section |
| פֿאַרמשפּט | condemned |
| פּאַציענטן | patients |

## דאָן יצחק אַבּרבּנאַל

אין די שלעכטע צייַטן פֿאַר ייִדן אין שפּאַניע איז דער פֿינאַנץ־מיניסטער פֿון קיניג פֿערדינאַנד געווען אַ ייִד. דער ייִד האָט געהייסן יצחק אַבּרבּנאַל. יצחק איז געבוירן געוואָרן אין פּאָרטוגאַל. זייַן זיידע איז אַנטלאָפֿן פֿון שפּאַניע, ווייַל מע האָט אים געוואָלט מאַכן פֿאַר אַ קריסט. יצחקס טאַטע איז געווען אַ רייַכער און אַ קלוגער ייִד וואָס איז געווען דער הויפּט־מיניסטער פֿון דעם קיניג אין פּאָרטוגאַל. יצחק האָט זיך גוט געלערנט. ער איז געוואָרן אַ גרויסער סוחר. ער איז געוואָרן זייער רייַך. ער האָט געלעבט אין פּאָרטוגאַל און האָט געהאָלפֿן די ייִדן. ער האָט אויך געהאָלפֿן די ייִדן וואָס זייַנען אַנטלאָפֿן פֿון שפּאַניע, ווען די גלחים האָבן געצוואונגען ייִדן צו ווערן קריסטן.

דער קיניג פֿון פּאָרטוגאַל האָט געפֿירט מלחמה. ער האָט די מלחמה פֿאַרלוירן. ער איז געווען אַלט און באַלד נאָך דער מלחמה איז ער געשטאָרבן. זײַן זון האָט געזאָגט, אַז אַלע די וואָס האָבן געגעבן עצות זײַן טאַטן זײַנען שולדיק אין דעם וואָס פּאָרטוגאַל האָט פֿאַרלוירן די מלחמה. ער האָט געשיקט נאָך זײַן טאַטנס עצה־געבערס. זיי זײַנען געקומען אין פּאַלאַץ. דאָרט האָט דער נײַער קיניג זיי אַרעסטירט און זיי געטייט. ער האָט צוגענומען זייערע הײַזער און געלט.

יצחק אַבֿרבנאל איז געווען איינער פֿון דעם אַלטן קיניגס עצה־געבערס. איינמאָל איז צו אים געקומען אַ דינער פֿון דעם נײַעם קיניג און אים געבעטן קומען אין פּאַלאַץ. אַבֿרבנאל האָט זיך געזעצט אויף אַ פֿערד און געפֿאָרן אין פּאַלאַץ. אויפֿן וועג האָט אים באַגעגנט אַ רײַטער. „גיי ניט צום קיניג" — האָט דער רײַטער געזאָגט, „ער וועט דיך טייטן". אַבֿרבנאל איז צוריקגעקומען אין זײַן הויז. ער האָט גיך פֿאַרקויפֿט זײַן פֿאַרמעגן. ער האָט גענומען זײַן משפּחה און איז אַוועק קיין שפּאַניע.

אין שפּאַניע האָט אַבֿרבנאל ווידער געפֿירט זײַנע געשעפֿטן. ער איז ווידער רײַך געוואָרן. מע האָט געוואוסט

אַז ער איז זייער אַ גוטער געשעפֿטסמאַן. אין יענע יאָרן פֿלעגן קריסטן כאַפּן ייִדן און זיי פֿאַרקויפֿן פֿאַר שקלאַפֿן. אַבּרבּנאל פֿלעגט פֿאָרן אין די שטעט וואו מע האָט פֿאַר־קויפֿט די ייִדישע שקלאַפֿן. ער האָט אויסגעקויפֿט די ייִדן, דערנאָך האָט ער זיי באַפֿרײַט. ער האָט זיי געגעבן קליידער און געלט אויף צו לעבן.

דערווײַל האָט דער קיניג פֿערדינאַנד פֿון שפּאַניע געדאַרפֿט געלט. די מלחמות מיט די אַראַבער האָבן גע־קאָסט אַ סך געלט. עס איז געווען שווער אײַנצומאָנען שטײַערן. ער האָט געוואוסט, אַז דאָן יצחק איז אַ גרויסער עקספּערט אין פֿינאַנצן, האָט ער אים אַרויסגערופֿן צו זיך. ווען אַבּרבּנאל איז געקומען, האָט דער קיניג צו אים גע־זאָגט: — איך וויל, אַז דו זאָלסט ווערן מײַן פֿינאַנץ־מי־ניסטער. דו וועסט קענען אײַנמאָנען די שטײַערן, זען אַז קיינער זאָל ניט גנבֿענען, און פֿאַרזיכערן אַז איך זאָל האָבן גענוג געלט. אַבּרבּנאל האָט געטראַכט, אַז ער וועט איצט מער קענען העלפֿן ייִדן אין שפּאַניע. ער איז געוואָרן פֿינאַנץ־מיניסטער און זייער גוט געפֿירט דעם קיניגס געשעפֿטן.

## גירוש שפּאַניע

די קיניגין איזאַבעלאַ האָט געוואָלט אַז ייִדן זאָלן ווערן קריסטן. זי האָט געטראַכט אַז דער פּלאַן אַרויסצוטרײַבן ייִדן פֿון שפּאַניע איז אַ גוטער. זי איז אַוועק צום קיניג און געזאָגט: — „דו דאַרפֿסט געלט. די ניט־גלייביקע ייִדן אין שפּאַניע האָבן אַ סך געלט. ווי אַ גוטער קריסט דאַרפֿסטו ניט לאָזן אַז ייִדן זאָלן בלײַבן אין דײַן לאַנד. אָדער זיי דאַרפֿן ווערן קריסטן, אָדער זיי מוזן אַרויס פֿון שפּאַניע. אויב מיר וועלן זיי אַרויסטרײַבן, וועסטו קענען צונעמען זייער געלט. די גלחים און די אינקוויזיציע וועלן זײַן צופֿרידן, ווײַל זיי זײַנען מקנא די ייִדן. די רײַכע קריסטן וועלן אויך זײַן צופֿרידן. טרײַב אַרויס די ייִדן פֿון שפּאַניע!"

דער קיניג האָט געטראַכט. זײַנע פֿרײַנד און די גלחים האָבן אים געזאָגט אַז ער זאָל דאָס טאָן. ענדלעך האָט פֿערדינאַנד באַשלאָסן, ער וועט אַרויסטרײַבן אַלע ייִדן פֿון שפּאַניע. אין שפּאַניע איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער יום־טוב. די קריסטן האָבן אַרויסגעטריבן די לעצטע אַראַבער פֿון שפּאַניע. איצט האָט פֿערדינאַנד

געזאָגט, אַז אַלע ייִדן וואָס ווילן ניט ווערן קיין קריסטן מוזן פֿאַרלאָזן שפּאַניע אין פֿיר חדשים צײַט.

ווען דאָן אַבֿרבנאל האָט געהערט וועגן דעם, איז ער צוזאַמען מיט אַן אַנדער ייִד געקומען צום קיניג. ער האָט אים געזאָגט, אַז ייִדן וועלן אים געבן אַ סך גאָלד, אויב מע וועט זיי לאָזן בלײַבן אין שפּאַניע. דער קיניג האָט שוין געוואָלט נעמען דאָס גאָלד. עס איז אָבער אַרײַנגעקומען טאָרקוועמאַדאָ און געזאָגט: „פֿאַר גאָלד ווילסטו לאָזן, אַז ניט־קריסטן זאָלן לעבן אין דעם קריסטלעכן לאַנד שפּאַניע? דו ביסט אַ פֿאַררעטער צו דײַן רעליגיע". דער קיניג האָט זיך דערשראָקן. ער האָט דאָס גאָלד ניט גענומען. דאָס שלעכטע געזעץ איז געבליבן.

ייִדן האָבן אָנגעהויבן פֿאַרלאָזן שפּאַניע. קיין גאָלד און טײַערע שטיינער האָבן זיי ניט געקענט מיטנעמען. אָן געלט, אָן זאַכן, זײַנען זיי אַוועק פֿון דעם לאַנד וואו זיי האָבן הונדערטער יאָרן געלעבט. מע האָט זיי אַרויס־געטריבן פֿון דעם לאַנד וואָס זיי האָבן רײַך געמאַכט מיט געלט און וויסן. ייִדן האָבן געשוואָרן אַז זיי וועלן קיינמאָל מער ניט קומען צוריק אין שפּאַניע.

ייִדן זײַנען אַוועק אין פֿאַרשיידענע לענדער. אַ סך



טאָרקוועמאַדאַ און פֿערדינאַנד

זײַנען אומגעקומען אויף די וועגן. פּיראַטן האָבן געכאַפּט אַ סך ייִדן און פֿאַרקויפֿט פֿאַר שקלאַפֿן. אַ סך זײַנען געשטאָרבן פֿון הונגער. די ייִדן וואָס זײַנען געקומען אין פּאָרטוגאַל האָבן אַ קורצע צײַט געקענט לעבן רויִק. אָבער באַלד איז די אינקוויזיציע געקומען אין פּאָרטוגאַל און ייִדן האָבן פֿון דאָרטן אויך געמוזט אַנטלויפֿן. אַנדערע ייִדן זײַנען געפֿאָרן קיין האָלאַנד, וואו מע האָט זיי גוט אויפֿגענומען. נאָך אַנדערע זײַנען אַוועק אין טערקײַ, גריכנלאַנד, צפֿון־אַפֿריקע און איטאַליע. דאָן יצחק אַבּרבנאל האָט געקענט בלײַבן אין שפּאַניע. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן. ער און זײַן משפּחה זײַנען אַוועק קיין איטאַליע.

דער לעצטער טאָג צו פֿאַרלאָזן שפּאַניע איז געווען תּשעה־באָבֿ. דאָס איז געווען אין יאָר 1492. אין שפּאַניע זײַנען מער קיין ייִדן ניט געבליבן. זיי זײַנען געווען צע־שפּרייט אין פֿאַרשיידענע לענדער. דאָס וואָס זיי האָבן געשריבן און געטראַכט איז אָבער יאָ געבליבן. אַלע ייִדן ווייסן אַז די שפּאַנישע, אָדער ווי מע רופֿט זיי ספֿרדישע ייִדן, האָבן אַ סך געטאָן אַז ייִדן זאָלן בלײַבן אַ פֿאָלק.

## קאָלומבוס און די ייִדן

איין טאָג נאָך תּשעה־באָבֿ, ווען מע האָט אַרויסגעטריבן די ייִדן פֿון שפּאַניע, זײַנען דרײַ שיפֿן אַרויסגעפֿאָרן פֿון יענעם לאַנד. דאָס זײַנען געווען די שיפֿן פֿון קריסטאָפֿאָראָ קאָלומבוס. איר ווייסט אַלע מעשׂות ווי אַזוי קאָלומבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע. ווייסט איר אָבער אַז ייִדן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין קאָ־לאָמבוסעס רײַזע ?

ייִדן האָבן אַ סך געהאָלפֿן קאָלומבוסן. קאָלומבוס איז ניט געווען דער ערשטער וואָס האָט געמיינט אַז די ערד איז רונד. עס איז געווען אַ ייִד מיטן נאָמען יהודה קרעסקעס וואָס האָט געצייכנט מאַפּעס. מע האָט אים גע־רופֿן דער מאַפּע־ייִד. פֿון זײַנע מאַפּעס האָט זיך קאָלומבוס

געלערנט. עס איז געווען אַן אַנדער ייִד מיטן נאָמען אַבֿרהם זאַקוטאָ. זאַקוטאָ האָט געמאַכט אַן אינסטרומענט. מיט דעם אינסטרומענט וואָס האָט געהייסן אַן אַסטראָלאָבֿ האָט מען געקענט וויסן וואו מען איז אויפֿן ים. אַז מע האָט דורך אים געקוקט אויף די שטערן האָט מען געקענט וויסן ווי ווײַט מען איז אין צפֿון אָדער אין דרום. אָן דעם אינ־סטרומענט וואָלט קאָלומבוס ניט געקענט פֿאָרן אַזוי ווײַט. עס זײַנען איצט דאָ גרויסע געלערנטע וואָס זאָגן אַז קאָלומבוס אַליין האָט אויך געשטאַמט פֿון ייִדן.



קרעסקעס מאַפּע

ניט איזאַבעלאַס טײַערע שטיינער, נאָר ייִדיש געלט האָט געהאָלפֿן קאָלומבוסן. דאָן יצחק אַבּרבּנאל האָט געזאָגט דעם קיניג, אַז ער דאַרף לאָזן קאָלומבוסן פֿאָרן. ער האָט אויך געגעבן געלט פֿאַר די שיפֿן און אַנדערע זאַכן וואָס קאָלומבוס האָט געדאַרפֿט פֿאַר זײַן רײַזע. צוויי אַנוסים לואיס סאַנטאַנגעל און גבֿריאל סאַנטשעז האָבן אים אויך געגעבן געלט. צווישן די וואָס זײַנען געפֿאָרן מיט קאָלומבוסן זײַנען געווען זעקס אַנוסים. צווישן זיי איז געווען לואיס דע־טאָרעס וואָס האָט געקענט אַ סך שפּראַכן. אים האָט מען מיטגענומען צו רעדן מיט די מענטשן פֿון אינדיע. ווען דע־טאָרעס איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער געזען ווי די אינדיאַנער רייכערן. ער האָט מיט־גענומען טאַבעק מיט זיך. ווען ער איז צוריקגעקומען אין שפּאַניע, האָט ער גערייכערט דעם טאַבעק. גאַנץ אייראָפּע האָט אָנגעהויבן צו רייכערן. שפּעטער איז דע־טאָרעס צוריקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע און געמאַכט דאָרטן אַ טאַ־בעק־פּלאַנטאַציע.

## ייִדן קומען קיין אַמעריקע

ווען מע האָט אַרויסגעטריבן די ייִדן פֿון שפּאַניע, זײַנען נאָך געבליבן אַנוסים אין לאַנד. אַ טייל

| Tab eclipsis luminariuz et primo de sole | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| numer⁹ annoruz | nomina mensiuz | dies | digiti | feria | hore | minut | finis eclipsis hore | minu |
| 1403 | octob | 10 | 9 | 5 | 0 | 0 | 1 | 20 |
| 1502 | septẽb | 30 | 8 | 6 | 17 | 28 | 19 | 12 |
| 1506 | Julii | 20 | 3 | 2 | 1 | 49 | 3 | 3 |
| 1513 | martii | 7 | 4 | 1 | 23 | 49 | 1 | 9 |
| 1518 | Junii | 7 | 10 | 2 | 18 | 22 | 19 | 17 |
| 1524 | ianuar | 23 | 9 | 2 | 3 | 12 | 4 | 6 |
| Tabla de eclipsib⁹ lune | | | | | | | | |
| 1494 | septẽb | 14 | 17 | 1 | 17 | 5 | 2 | 33 |
| 1497 | ianuar | 18 | 17 | 4 | 3 | 50 | 7 | 18 |
| 1500 | novẽb | 5 | 13 | 5 | 10 | 17 | 13 | 30 |
| 1501 | maii | 2 | 19 | 1 | 15 | 33 | 19 | 6 |
| 1502 | octob | 15 | 14 | 7 | 10 | 15 | 12 | 9 |
| 1504 | februã | 29 | 16 | 5 | 10 | 47 | 14 | 13 |
| 1505 | aug⁹ | 14 | 15 | 5 | 5 | 42 | 9 | 6 |
| 1508 | Junii | 12 | 23 | 2 | 15 | 21 | 19 | 0 |
| 1509 | Junii | 2 | 7 | 7 | 9 | 29 | 2 | 3 |
| 1511 | octob | 6 | 13 | 2 | 9 | 11 | 2 | 25 |
| 1514 | ianuar | 29 | 16 | 2 | 14 | 20 | 16 | 3 |
| 1515 | ianuar | 19 | 15 | 7 | 5 | 0 | 6 | 42 |
| 1516 | Julii | 13 | 14 | 1 | 10 | 0 | 12 | 30 |
| 1519 | novẽb | 6 | 20 | 1 | 5 | 50 | 6 | 48 |
| 1522 | septẽb | 5 | 15 | 6 | 11 | 22 | 12 | 4 |
| 1523 | martii | 1 | 17 | 1 | 7 | 30 | 9 | 14 |

אַלמאַנאַך

פֿון די אַנוסים האָבן געוואָלט צוריק ווערן ניט קיין באַ־האַלטענע ייִדן. ווען שפּאַניע האָט שוין געהאַט קאָלאָניעס אין דרום־אַמעריקע, זײַנען די אַנוסים געפֿאָרן אַהין און מער זיך ניט באַהאַלטן ווי ייִדן. אַ קורצע צײַט האָט זיך זיי געלעבט גוט. באַלד זײַנען אָבער געקומען די גלחים פֿון דער אינקוויזיציע. מע האָט אָנגעהויבן פּײַניקן די ייִדן. זיי האָבן געמוזט אַנטלויפֿן אָדער צוריק ווערן קריסטן. מע האָט אַ צאָל ייִדן פֿאַרברענט.




אַסטראָלאָב

שפּאַניע איז ניט געווען דאָס איינציקע לאַנד וואָס האָט געהאַט קאָלאָניעס אין אַמעריקע. אין בראַזיל איז געווען אַ קאָלאָניע פֿון פּאָרטוגאַל. דאָרט איז אויך געווען אַ קאָלאָניע פֿון האָלאַנד. די קאָלאָניע פֿון האָלאַנד האָט געהייסן רעסיפֿע. האָלאַנד איז געווען גוט צו ייִדן. זײַנען ייִדן פֿון האָלאַנד געקומען אין רעסיפֿע. דאָרט זײַנען אויך

געקומען ייִדן וואָס זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון די שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס.

עס איז געוואָרן אַ מלחמה צווישן האָלאַנד און פּאָר־טוגאַל. די פּאָרטוגעזער אין בראַזיל זײַנען אָנגעפֿאַלן אויף דער שטאָט. די ייִדן פֿון רעסיפֿע האָבן געוואוסט אַז אויב האָלאַנד וועט פֿאַרלירן די מלחמה, וועלן ייִדן אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון דער אינקוויזיציע. ייִדן האָבן העלדיש געקעמפֿט צוזאַמען מיט די האָלענדער. די מלחמה האָט לאַנג געדויערט. צום סוף האָט פּאָרטוגאַל געוואונען. די האָלענדער האָבן געמוזט אָפּגעבן רעסיפֿע צו פּאָרטוגאַל. איידער זיי האָבן געמאַכט שלום, האָבן די האָלענדער געזאָגט, אַז פּאָרטוגעזער מוזן לאָזן ייִדן אַוועק־פֿאָרן פֿון רעסיפֿע. די פּאָרטוגעזער האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן לאָזן די ייִדן אַוועקפֿאָרן בשלום. אַזוי איז געווען. די ייִדן האָבן פֿאַרלאָזט רעסיפֿע אין 1654.

## ייִדן קומען אין ניו־יאָרק

דער גרעסטער טייל ייִדן וואָס האָבן פֿאַר־לאָזט רעסיפֿע זײַנען געפֿאָרן קיין האָלאַנד. איין גרופּע איז אָבער אַוועק ניט קיין אייראָפּע, נאָר אין אַן אַנדער האָלענ־דישער קאָלאָניע, אין נײַ־אַמסטערדאַם. איר ווייסט דאָך

זיכער אַז די קליינע קאָלאָניע נײַ־אַמסטערדאַם איז געוואָרן די גרויסע שטאָט ניו־יאָרק.

די גרופּע וואָס איז געפֿאָרן אין נײַ־אַמסטערדאַם האָט געהאַט 23 מענער, פֿרויען און קינדער. די דרײַ און צוואַנציק האָבן זיך אויפֿגעזעצט אויף אַ שיף. ווען די שיף איז אָפּגעפֿאָרן עטלעכע טעג, זײַנען פּיראַטן אָנגעפֿאַלן אויף איר. די פּיראַטן האָבן צוגענומען די שיף בײַ איר קאַפּיטאַן. די 23 ייִדן האָט מען אַראָפּגעלאָזט אויף אַן אינדזל.

זײַנען די ייִדן געשטאַנען אויף דעם אינדזל און געטראַכט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועלן זיי ניט האָבן וואָס צו עסן, און זיי וועלן שטאַרבן פֿון הונגער. פּלוצעם האָט אַ קינד דערזען אַ שיף. די שיף איז צוגעקומען צום אינדזל. די ייִדן האָבן זיך געפֿרייט. דאָס איז געווען אַ פֿראַנצייזישע שיף. דער קאַפּיטאַן האָט געזאָגט אַז ער וועט פֿירן די ייִדן קיין נײַ־אַמסטערדאַם. זיי דאַרפֿן אים אָבער באַצאָלן פֿאַר דער רײַזע. די ייִדן האָבן קיין געלט ניט געהאַט. די פּיראַטן האָבן בײַ זיי אַלץ צוגענומען. זיי האָבן געזאָגט דעם קאַפּיטאַן, אַז ווען זיי וועלן קומען אין נײַ־אַמסטערדאַם, וועלן זיי קריגן געלט בײַ אַנדערע ייִדן

און אים באַצאָלן. דער קאַפּיטאַן האָט זיי גענומען אויף זײַן שיף און געפֿאָרן קיין נײַ־אַמסטערדאַם.

אין נײַ־אַמסטערדאַם איז דעמאָלט פּיטער סטײַוועסאַנט געווען דער גובערנאַטאָר. ער האָט פֿײַנט געהאַט ייִדן. אין דער קאָלאָניע זײַנען קיין ייִדן ניט געווען. ווען די פֿראַנצייזישע שיף איז אָנגעקומען אין נײַ־אַמסטערדאַם, האָט פּיטער סטײַוועסאַנט ניט געוואָלט אַרײַנלאָזן די ייִדן. דער פֿראַנצייזישער קאַפּיטאַן האָט ניט געוואָלט אַראָפּלאָזן די ייִדן פֿון שיף, ווײַל זיי האָבן אים ניט באַצאָלט.

אַ טאָג פֿאַר דעם ווי די ייִדן פֿון רעסיפֿע זײַנען אָנגקומען, איז פֿון האָלאַנד געקומען אַן אַנדער ייִד. דער ייִד האָט געהייסן יעקבֿ בר שמשון. יעקבֿ האָט געהערט וועגן די 23 ייִדן. ער האָט געשריבן אַ בריוו צו ייִדן אין האָלאַנד. די ייִדן אין האָלאַנד זײַנען געווען צווישן די וואָס האָבן געגעבן געלט צו שאַפֿן די קאָלאָניע אין נײַ־אַמסטערדאַם. מע האָט פֿון האָלאַנד גלײַך געשריבן אַ בריוו צו פּיטער סטײַוועסאַנט. מע האָט אים געהייסן אַרײַנלאָזן די ייִדן. פֿון האָלאַנד איז אויך אָנגעקומען געלט צו באַצאָלן דעם פֿראַנצייזישן קאַפּיטאַן. די ייִדן זײַנען אַראָפּ

פֿון שיף. זיי האָבן זיך באַזעצט אין שטאָט. זיי האָבן גע־האַנדלט מיט די אינדיאַנער. אַזוי זײַנען די ערשטע ייִדן געקומען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז געווען מער ווי מיט 300 יאָר צוריק.



קאָלומבוס פֿאָרט אָפּ

ווען עס איז אונטערגעגאַנגען דער ייִדישער צענטער אין ארץ־ישׂראל, איז בבֿל געוואָרן דער גרויסער ייִדישער צענטער. ווען דער ייִדישער צענטער אין בבֿל איז גע־וואָרן שוואַך, איז דער ייִדישער צענטער אין שפּאַניע גע־וואָרן שטאַרק. ווען אין שפּאַניע זײַנען מער ניט געווען

קיין ייִדן, זײַנען ייִדן געקומען קיין אַמעריקע און אָנגעהויבן בויען אַ נײַעם ייִדישן צענטער. אַזוי איז אַלעמאָל געווען ביַי ייִדן. דאָס פֿאָלק איז אַלעמאָל געבליבן לעבן.

ווי אַזוי ייִדן אין אַמעריקע האָבן געלעבט און וואָס עס איז געשען אין אייראָפּע שפּעטער, וועלן מיר לערנען אין אַן אַנדער בּיכל. דערווײַל געדענקט וואָס איר האָט געלערנט און זײַט גוטע ייִדישע קינדער.

## פֿראַגעס

1. ווער זײַנען געווען די אַנוסים?
2. וואָס האָט געטאָן די אינקוויזיציע?
3. ווער איז געווען דאָן יצחק אַבּרבּנאל?
4. פֿאַרוואָס האָט מען אַרויסגעטריבן די ייִדן פֿון שפּאַניע?
5. ווי אַזוי האָבן ייִדן געהאָלפֿן קאָלומבּוסן?
7. ווי אַזוי זײַנען די ערשטע ייִדן געקומען אין ניו־יאָרק?

## טראַכט וועגן דעם

1. ייִדן האָבן געהאָלפֿן, אַז שפּאַניע זאָל ווערן שטאַרק און פֿאַרשפּרייט אין לאַנד מער וויסן. האָבן עס ניט־ייִדן פֿאַרשטאַנען? ווי האָט מען

אָפּגעצאָלט די ייִדן פֿאַר זײַן געטרײַ דעם לאַנד הונדערטער יאָרן ?

2. ווען מע האָט געצוואונגען ייִדן אין שפּאַניע צו ווערן קריסטן, האָבן אַ סך ייִדן דאָס געטאָן. אין מערבֿ־אייראָפּע האָט מען אַ סך ייִדן געטייט, ווײַל זיי האָבן ניט געוואָלט ווערן קריסטן. אָבער אין מערבֿ־אייראָפּע זײַנען ניט געווען קיין „נײַע קריסטן". האָבן די שפּאַנישע ייִדן ריכטיק געטאָן?

3. אַמאָל זײַנען קריסטן געווען שלעכט צו ייִדן. ווי איז איצט אין אײַער לאַנד ?

## א.

| | |
|---|---|
| pushed away | אַוועקגעשטופּט |
| supported | אויסגעהאַלטן |
| interpreted | אויסגעטײַטשט |
| cleaned up | אויסגערייניקט |
| hold out | אויסהאַלטן |
| interpretations | אויסטײַטשונגען |
| by heart | אויסנווייניק |
| stopped | אויפֿגעהערט |
| collected | אויפֿגעזאַמלט |
| revolt | אויפֿשטאַנד |
| perished | אומגעקומען |
| riots, unrest | אומרוען |
| unclean | אומריין |
| surrender | אונטערגעבן זיך |
| treasure | אוצר |
| great grandchildren | אוראייניקלעך |
| to make friends, to make peace with | איבערבעטן |
| translation | איבערזעצונג |
| translate | איבערזעצן |
| divided, separated | אײַנגעטיילט |
| collected | אײַנגעמאָנט |
| established | אײַנגעשטעלט |
| empire | אימפּעריע |
| position, office | אַמט |
| prepared | אָנגעגרייט |
| current era | איצטיקע צײַטרעכענונג |
| department, section | אָפּטיילונג |
| drove out | אַרויסגעטריבן |
| get out, extort | אַרויסקריגן |
| coffin | אָרון |

## ב

| | |
|---|---|
| to meet | באַגעגענען |
| to bury | באַגראָבן |
| settled | באַזעצט |
| decorated | באַפּוצט |
| ordered | באַפֿוילן |
| fortified | באַפֿעסטיקט |
| accused | באַשולדיקט |
| appointed | באַשטימט |
| decide | באַשטימען |
| library | ביבליאָטעק |
| gradually | ביסלעכווײַז |
| pages | בלעטער |
| wells | ברינעמער |

| | |
|---|---|
| shore | ברעג |
| in peace | בשלום |

**ג**

| | |
|---|---|
| law or decree bad for Jews | גזירה, גזירות |
| Christian priest | גלח |
| Garden of Eden, heaven | גן־עדן |
| bowed | געבוקט |
| prayers | געבעטן |
| prayed | געדאַוונט |
| patience | געדולד |
| oppressed | געדריקט |
| secretly | געהיים |
| mixed into | געמישט |
| ruled, reigned | געהערשט |
| made a bet | געוועט |
| annointed | געזאַלבטער |
| suffered | געליטן |
| tortured | געפּייניקט |
| captivity | געפאַנגענשאַפט |
| forced | געצוואונגען |
| court | געריכט |
| moved | גערירט |
| happened | געשען |
| fed | געשפּייזט |
| greet, give regards to | גריסן |

**ד**

| | |
|---|---|
| pray | דאַוונען |
| pierce | דורכשטעכן |
| religious law, laws | דין, דינים |
| serve, worship | דינען |
| servant | דינער |
| philosophers, thinkers | דענקערס |
| educate, bring up | דערציִען |

**ה**

| | |
|---|---|
| trade | האַנדל |
| hope | האָפענונג |
| traders, merchants | הענדלערס |
| ruler | הערשער |
| rule | הערשאַפט |
| the villain | הרשע |

**וו**

| | |
|---|---|
| guard | וואַך |
| knowledge | וויסן |

ח

| | |
|---|---|
| housewarming | חנוכת־הבית |
| destroy | חרובֿ מאַכן |

י

| | |
|---|---|
| century | יאָרהונדערט |

כּ

| | |
|---|---|
| vessels, instruments | כּלים |

ל

| | |
|---|---|
| situation, condition | לאַגע |
| patch | לאַטע |
| landowners | לאַנד־באַזיצערס |
| funeral | לוויה |

מ

| | |
|---|---|
| power | מאַכט |
| brave | מוטיק |
| Mediterranean Sea | מיטלענדישער ים |
| opinion, opinions | מיינונג, מיינונגען |
| oral | מינדלעך |
| mix | מישן |
| custom, customs | מנהג, מנהגים |
| to judge | משפּטן |

נ

| | |
|---|---|
| imitated | נאָכגעמאַכט |
| Eternal Light | נר תמיד |
| prince, leader, ruler | נשׂיא |
| not allowed | ניט געטאָרט |

ס

| | |
|---|---|
| statues | סטאַטועס |
| carpenter | סטאָליער |
| danger | סכּנה |
| poison | סם |
| religious book | ספֿר |
| scrolls of the law | ספֿר־תּורה |

פּ

| | |
|---|---|
| patients | פּאַציענטן |
| farmers | פּויערים |
| purple | פּורפּור |
| interest, percent | פּראָצענט |

פֿ

| | |
|---|---|
| obey | פֿאָלגן |
| faint, pass out | פֿאַלן אין חלשות |
| criminals | פֿאַרברעכערס |
| compared | פֿאַרגליכן |
| earned | פֿאַרדינט |
| got dizzy | פֿאַרדרייט דער קאָפּ |

| | |
|---|---|
| assembly | פֿאַרזאַמלונג |
| to fall in love | פֿאַרליבן זיך |
| property, fortune | פֿאַרמעגן |
| condemned | פֿאַרמשפּט |
| traitor | פֿאַררעטער |
| spoil | פֿאַרשטערן |
| celebrate | פֿײַערן |
| to plant | פֿלאַנצן |
| fortress | פֿעסטונג |

**צ**

| | |
|---|---|
| additions | צוגאָבן |
| prepare | צוגרייטן |
| force | צווינגען |
| collected, gathered | צוזאַמענגענומען |
| put together, compiled | צוזאַמענגעשטעלט |
| adapt | צופּאַסן |
| defeated | צעשלאָגן |

**ק**

| | |
|---|---|
| to compete | קאָנקורירן |
| Holy of Holies | קדשי־קדשים |
| church | קירך |
| cellar | קעלער |
| Charlemagne | קאַרל דער גרויטער |
| store | קראָם |
| sacrifice | קרבן |
| jug | קריגעלע |
| cross | קרייץ |

**ר**

| | |
|---|---|
| save | ראַטעווען |
| cleanliness | ריינקייט |
| government | רעגירונג |

**ש**

| | |
|---|---|
| lap | שויס |
| guilty | שולדיק |
| proud | שטאָלץ |
| parts | שטעלן |
| plates | שיסלען |
| convert from Judaism | שמדן |
| slaughter, kill | שעכטן |
| proverbs | שפּריכווערטער |

**ת**

| | |
|---|---|
| oral law | תּורה שבעל־פּה |